„נײַער פערלאַג"

№ 4.

נחום שטיף.

# ייִדען און ייִדיש.



ווארשע 1920.

# הקדמה.

הונדערטער יאָרען האָבען ייִדען גערעט ייִדיש, געפּרייִט זיך און גע׳דאַגט אויף ייִדיש, געהאַנדעלט און געוואַנדעלט, אַ וועלט אויסגעוועזן אויף זייער שפּראַך—אויף ייִדיש. מאַמעס האָבען מיט „אונטער שרה׳לעס וויִגעלע״ קינדער פאַרוויִגט. אויף ייִדיש האָט מען געלערענט אין חדרים, אין ישיבות, אין קלויזען און בתי-מדרשים, תורה און ספרים פאַרטייַטשט, אויף ייִדיש האָבען רבנים און גאונים תורה און מוסר געזאָגט פאַר דעם עולם, אויף ייִדיש זענען געוועזן געשריבען מוסר-ספרים. אַ גאַנץ העלפט פון דעם ייִדישען פאָלק, אונדזערע מאַמעס, האָבען דעם ייִדישען חומש, דעם צאנה-וראנה געלייענט, אויף ייִדיש האָבען זיי אַפילו זייערע האַרציקע תפילות, תחינות, געזאָגט. אַ קיצור אויף ייִדיש האָבען ייִדען אַ וועלט אויסגעפירט, און קיינעם איז ניִשט איינגעפאַלען אָפּצופרעגען, ציִ איז רעכט אַזוי, ציִ איז טאַקע ייִדיש אונדזער שפּראַך און ציִ דאַרפען מיר אפשר גאָר האָבען אַנ׳אַנדער שפּראַך? אודאי ייִדיש! וואָס דען? אודאי קאָן מען אַ וועלט אויספירען נאָר אויף דער שפּראַך, וואָס ייִדען האָבען זיִ פון דור-דורות אין מויל, און וואָס אַלע ייִדען פאַרשטייען. איז דען שייַך צו פרעגען, למשל, ציִ איז רעכט, וואָס אַ מענטש גייט אויף זייַנע פיס, טוט מיט זייַנע הענט, קוקט מיט זייַנע אויגען וכדומה? אודאי אַזוי, דאָס איז דאָך דער דרך הטבע!

האָבען יִדען טאַקע נִישט געפרעגט קײן ווילדע קשיות און גע-
טון זיך זייערס, און טאַקע אויף זייער שפּראַך, אויף יִדיש. וואָ-
רום יִדיש האָט געגעבען אַ וועלט צו זען. צי האָבען יִדען,
למשל, געוווסט פון אַ וועלט צו זאָגען, איידער ס'זענען אויפ-
געקומען יִדישע צייטונגען? ערשט, אַז מ'האָט אָנגעהויבען דרו-
קען צייטונגען און ביכלעך וועגען דער היינטיקער וועלט אויף
יִדיש, האָט אַ יִד געקאָנט וויסען, וואָס עס טוט זיך אין פּאָלי-
טיק, אין מסחר, צווישען יִדען, אין לענדער און צווישען פעל-
קער, בכלל וואָס טוט זיך אויף דער גאָרער וועלט. יִדען האָבען
זיך געקאָנט דערוויסען, וואָס די צייט פאָדערט פון אונדז, ווי
האַלט עס מיט יִדען, מיט זייערע פּרנסות און מיט זייער גייס-
טיק לעבען. וואָס דאַרפען יִדען פאַרלאַנגען, וואָס טוט מען, אַז
מ'זאָל יִדען נישט באַ'עול'ען, אַז זיי זאָלען אויסבעסערען זייער
מצב וכדומה. הכלל דורך יִדיש איז אַ יִד געוואָרען פאַרקנופּט
און פאַרבונדען מיט יִדען און מיט אַ וועלט, אַזויווי יעדער אַנ-
דער אומה דורך איר שפּראַך, און האָט געקאָנט זוכען מיטלען,
ווי אַזוי נישט צו בלייבען הינטערשטעליק פון אַ וועלט.

אַזוי האָט זיך געפירט אונדזער יִדיש וועלטעל כמנהגו,
יִדען האָבען געהאַלטען, אַז אַזוי דאַרף זיין. ווי פאַרוואונדערט
דאַרף עס איצט זיין אַ יִד פון אַ גאַנץ יאָר, ווען מיטאַמאָל
הערט ער די לעצטע יאָרען וועגען „יִדישיסטען" און „העברעיס-
טען", וועגען אַ „קאַמף", וואָס קומט פאָר צווישען צוויי מחנות
אין דער שול און אין תלמוד-תורה, אין די בילדונגס-חברות
און קהלות! וואָס זאָל ער זיך קלערען, ווען „העברעיסטען" נע-
מען מיטאַמאָל איבּ איבערעדען, אַז „יִדיש" איז נישט קיין
שפּראַך, נאָר אַ שאַנדע, אַ „זשאַרגאָן", וואָס מ'דאַרף פון איהם,
וואָס גיכער, פּטור-ווערען? וואָס זאָל ער זיך טראַכטען, ווען ער
הערט, ווי „העברעיסטען" זענען מרעיש-עולמות, אַז „יִדישיסטען"
ווילען אויסמעקען אונדזער גאַנצען „עבר" מיט דער תורה, מיט
דער גאַנצער גוטער יִדישקייט, פירען שיר נישט צו שמד? און

זיי, די „העברעיסטען", וועלען שוין ראַטעווען דאָס פאָלק ישראל. אַלע יידישע קינדער וועלען מיטאַמאָל אָנהייבען רעדען העב־רעיש, ווי אַ וואַסער, און זיי, די „העברעיסטען", וועלען אונדז אַריינזעצען אַ נייע, כשר'ע העברעיסטישע נשמה!

דאַרף מען אויפקלערען די זאַך, אַז יעדער ייד זאָל פאַר־שטיין, וואָס איז דאָס אַזוינס „יידישיסטען", וואָס מ'מאַכט זיי איצט פאַר עוכרי ישראל, פון וואַנען נעמען זיי זיך, וואָס ווילען זיי? און ווייטער, וואָס איז דאָס אַזוינס „העברעיסטען", וואָס פאַר אַנ'עולות שטעלען זיי אויס די „יידישיסטען" און וואָס ווי־לען זיי אויספירען? זאָל די זאַך אַראָפּ פון די הויכע הימלען פון פאַרטיי־חקירה אויף דעם מעמד פון פשוט'ן פאַרשטאַנד, זאָל יעדער וויסען, פון וואָס דאָ רעט זיך. וואָס צו טון, וועט ער שוין אַליין פאַרשטיין.

# I.

## פון וואַנען נעמען זיך „ייִדישיסטען״?

פון וואַנען נעמען זיך „ייִדישיסטען״? וויאַזוי איז דאָס געקומען דערצו, אַז ייִדיש, די שפּראַך פון פאָלק וועלכעס עקסיסטירט יאָר דורכאַנאַנד, האָט באַדאַרפט גאָר האָבען אַ באַזונ-דער „פּאַרטיי״, אַ מחנה, וואָס שטעלט-זיך-איין דערפאַר? און ווער באַפאַלט דען די ייִדישע שפּראַך, אַז מ׳זאָל דאַרפען זיך אָננעמען פאַר איר? און ווו זענען ייִדען אויף דער וועלט, וואָס האָבען עפּעס אויך אַ דעה?

איז דער תירוץ אַזוי: „ייִדישיסטען״ זענען געוואָרען דער-פאַר, ווייל פריער, פאַר זיי, זענען געווען קעגען-ייִדישיסטען, „אַסימיליאַטאָרען״ און „העברעיִסטען״. „ייִדי-שיסטען״ זענען געוואָרען דערפאַר, ווייל שוין אַ שטיק צייט, אַז אַ טייל ייִדען, און גראָד אויפגעקלערטע, געבילדעטע ייִדען, רודפ׳ן ייִדיש עד הרמה, ווילען די שפּראַך אויסוואָרצלען פון דעם פאָלק, און באַם פאָלק פרעגט מען נישט, דאָס פאָלק איז נאָך צום וואָרט נישט געקומען, ממילא האָבען זיך געמוזט געפינען מענטשען, וואָס זאָלען זיך איינשטעלען פאַר דעם פאָלק און פאַר זיין שפּראַך. אַזוי זענען אויפגעקומען „ייִדישיסטען״.

# די משכילים.

די שנאה צו יידיש בא א געוויסען טייל געבילדעטע יידען, אינטעליגענטען, איז נישט נעכטען געווארען. זי האט שוין א ווקה פון שיינע עטלעכע צענדליק יארען. די ערשטע, וואס האבען יידיש געווארפען א שטיין אין קאפ און געקריגט אונדזער פאלקס-שפראך מיט דעם בזיון-נאמען „זשארגאן", דאס זיינען גע-ווען די משכילים נאך פון ניקאלאי דעם ערשטענס צייטען. און געטון האבען זיי עס נישט דערפאר, ווייל זיי זיינען געווען שונאים דעם פאלק, נאר, אדרבא, פון ליבשאפט און איבערגעגע-בענקייט. זייער רצון און זייער צוועק איז געוויס געווען צום גו-טען, נאר וואס דען? זיי זיינען געגאנגען מיט א פאלשען דרך.

וואס האבען געוואלט די משכילים? זיי האבען געוואלט אויסמענטשלען דעם יידען, זיי האבען געוואלט אויפריכטען דאס פאלק מיט לייטען גלייך. זיי האבען געזען, ווי בא יידען הערשט א שרעקלעכער פאנאטיזם; יידען, ווייניקסטענס א גרוי-סער טייל יידען, האבען זיך געטיילט אין הסידים און אין מתנגדים. חסידים זיינען געווען פארגליבט אין רבי'ן, געזופט זוהר, געפראוועט תקונים און פארבראכט זייערע יארען אין די קל יזען און אין די שטיבלעך מיט דערציילען דעם רב'נס נסים. מתנגדים זיינען געזעסען אין די ישיבות, אדער גלאט בא דער גמרא און געפראוועט לומדות און פרישות. ביידע מחנות, דער-ווייט, אבער, די חסידים, זיינען אפגעשטאנען פון א וועלט מיי-לען ווייט. אונדזערע גרויסע מוחות און דערהויבענע נשמות זע-נען געווען אומבאהאלפען, אזויווי קליינע קינדער, ווען ס'האט זיך געהאנדעלט פון היינטיקער וועלט. ווארום געלעבט האט מען מיט יענער וועלט און ס'איז געווען דער גרעסטער קאמפלימענט, ווען מ'האט אויף א יידען געזאגט, אז ער איז א זיידענער יונ-גערמאן, ד. ה. ער האט קיין טראפען בלוט נישט, און ער ווייסט נישט קיין צורת-מטבע, לומדות און חסידות איז געווען די גרעס-

טע מעלה, אַרבעט און מלאכה איז געווען אַ שאַנד, אַ פּסול אין דער משפּחה, מ׳האָט זיך באַרימט, אַז „אין מייַן משפּחה איז, דאַנקען גאָט, קיין איין בעל-מלאכה נישטאָ״. צו די אמת׳ע חסידים און לומדים זענען צוגעשטאַנען אַ מחנה לייַדיגייערס, פאַלשע מענטשען, וואָס האָבען זיך געוואַרעמט באַ יענעמס פייַער, ראשית, כדי די שייַן פון תורה און חסידות זאָל זיי אויך באַשייַנען, און שנית, כדי צו האָבען אַן אויסרייד גאָרנישט צו טון און בעל-הבית׳עווען איבער׳ן פּשוט׳ען פאָלק, איבער דעם האָרעפּאַשנעם ייִדען. דער המון איז געווען פאַרוואָרלאָזט, פאַרווילדעט, אים איז געווען פרעמד הן דאָס שייַנדעל פון דער תורה, הן דער פרען פון חסידות, ווארום טאָג ווי נאַכט האָט ער באַדאַרפט האָרעווען און פאַרשוואַרצט-ווערען איפ׳ן וויסטיקען שטיקעל ברויט און קוים זיך אויסגעלערענט אין הדר דאַוונען, זעלטען ווען אַ פּרשה חומש, דערפאַר האָט ער געהאַט די זכיה אויסצוהאַלטען מיט זייַן בלוטיקען גראָשען נישט נאָר ישיבות און רביים, נאָר גלאַט אַזוי שיינע ייִדען,—און זייער זכות לעבט ער דאָך אויף דער וועלט!

פון דעם דאָזיקען פאַנאַטיזם און פון אַנדערע זאַכען האָבען זיך גענומען אַלערליי ייִדישע אומגליקען: די שרעקלעכע לייַדיגייערייַ, אָרעמקייט און קהל׳שע רציחות. אַ גרויסער טייל ייִדען, חסידים און לומדים זענען דאָך גלאַט געווען פּטור פון עול, ד. ה. זיי האָבען דאָך באַדאַרפט האָרעווען אויף עולם-הבא, ממילא האָבען זיי שוין נישט געקאָנט האָבען קיין דאגת-פּרנסה. האָט מען די דאָזיקע דאגה געלאָזט פאַר נשים, וואָס זענען אויסגערונסען געוואָרען, אָדער פאַר׳ן כלל, וואָס דאַרף זיי אויסהאַלטען. דערצו האָבען זיך נאָך צוגעקלעפּט דאָס גאַנצע פּעקעל כלי-קודש און גלאַט שיינע ייִדען: אייניקלעך, ירושלמי׳ס, משולחים, ייִדען מיט אַ גילדענעם אָדער, בעלי-טאַקסעס, נשרפים. ייִדען מיט חבורים אונטער׳ן אָרעם, גבאים, הכנסת-כלה׳ניקעס און סתם יורדים. אַ גאַנצער היישעריק לייַדיגיי-

ע־ס וואָס האָבען זייער געהאַלטען פון זיך און זענען אַרומגע־גאַנגען מיט פּאַריסענע נעז. כּון סתם אָרעמעלייט, שנאָרערס, קאַ־ליקעס און דראַבעס ש׳ין ניש צו רעדען. די יידישע אָרעמקייט איז געוועזען נישט צו באַשרייבען. וואָרום געאַרבעט, געטון עפּעס האָט נאָר אַ טייל, דער, וואָס האָט שוין נישט געטויגט פאַר עפּעס אַנדערש, ד. ה. פאַר תּורה און חסידות. און אַזוי ווי די מלאכה איז געווען זייער פאַר׳מאוס׳ט, האָבען מיר די מלאכה אויך נישט געקענט, ווי ס׳באַדאַרף צו זיין, און דער יידישער בעל־מלאכה איז געווען אַ פּאַרטאַטש, אַ לאַטוטניק, וואָס האָט קיין רעכטע זאַך נישט געקאָנט מאַכען און האָט ממילא קוים פאַר־דינט אויף וואַסער מיט קאַשע.

און אָנגעפירט דאָס דאָזיקע פאַרומערט וועלטעל האָט קהל ד. ה. די שיינע יידען, מזרח׳ניקעס, קהל־פאַרזאָרגער און פּיאַווקעס מכּל המינים. זיי זענען געווען די בעלי־בתּים איבער׳ן בלוטיקען גראָשען פון דער טאַקסע. פון דעם יידען האָט מען גע־ריסען די הויט און געגעבען האָט מען איהם ביינער, נישט קיין פליייש. זיי האָבען געהאַט צו זאָגען אויף אַלערליי שטייערען און פּאָדאַטקעס, וואָס די מלוכה האָט געפאָדערט, און זיי האָבען זיך געפירט ביד רמה, ד. ה. געריסען באַ דעם אָרעמאַן און געלעבט משוד עניים ואביונים. צו ניקאָלאַי דעם ערשטענס צייטען איז נאָך צוגעקומען די גזרה פון רעקרוטען, און קהל׳שע רציחות האָבען דערלאַנגט ביז צום הימעל. די געשיכטע פון „כּוימאַניקעס״ פון סויזענטער יידישע קינדער, וואָס האָבען באַדאַרפט אויסשטיין נישט אַליין די יידישע גזרה, נאָר נאָך מער פאַר שיינע יידענס קינדער — די דאָזיקע געשיכטע וועט אייביג בלייבען אין זכרון פון פאָלק, ווי אַ בלוטיקער פאַס.

די ערשטע געבילדעטע יידען, וואָס זענען אויפגעקומען באַ אונדז, האָבען עס אַלץ צוגעזען. זיי האָבען געזען, ווי דאָס יידישע פאָלק איז אומוויסענדיק, אָרעם און פאַרוואָרלאָזט אינעווייניק באַ זיך, ווי דאָס איז פאַר׳מאוס׳ט באַ אַ וועלט. זיי האָט

דאָס האַרץ געריסען איוף דעם גרויסען יידישען אומגליק, האָבען זיי געוואָלט אויסריכטען דאָס פאָלק, זיי האָבען גענומען באווייזען, אז מענטשען דאַרפען קודם-כל אַרבעטען, אז פון שווינדעל אין ווינט, פון מעקלעריי און שענקעריי קאָן מען נישט און מ׳דאַרף נישט לעבען. אַרבעט איז קיין חרפה נישט, אדרבא, אַרבעט איז אַ מעלה הן בא אונדזערע אַלטע חכמים, הן בא דער היינטיקער אויפגעקלערטער וועלט. זיי האָבען גע׳טענה׳ט, אַז יידען דאַרפען זיך נעמען ערנסט פאַר מלאכה און ערד-אַרבעט, כדי צו פאַרדינען ערלעך זייער ברויט, אַז יידען דאַרפען אַוועקוואַרפען מאוס׳ע רגילות׳ען און נאַרישע מנהגים, וואָס קערען זיך כלל נישט אָן מיט יידישקייט, און זיי דאַרפען ווערען היינטוועלטיקע מענטשען, און על-כולם בילדונג. יידען דאַרפען זיך בילדען, לערנען זיך. נישט אין דער גמרא און אין זוהר אַליין שטעקט די חכמה. נישט פון זיי קאָן מען זיך אויסלערנען צו פאַרשטיין די היינטיקע וועלט צו־זיך אין אַרומגאַנג מיט מענטשען, וויסען, וואָס איז דער וועלט טוט זיך, האָבען אַ פנים אויף דער וועלט. בכלל, אַז יידען וועלען האָבען בילדונג און היינטוועלטיקע וויסען: זיי וועלען קענען שפראַכען און אַנדערע וויסענשאַפטען, וועט זיי גרינגער זיין צו לעבען, צו פאַרדינען ברויט, זיי וועלען פטור־ווערען פון אַ סך אינעווייניקסטע אָנשיקענישען און זיי וועלען געפינען חן בא דער וועלט אויך, און די רעגירונג וועט זיי אויך בעסער באַהאַנדלען, וועט זיי געבען „פראַוועס״.

אַזוי האָבען געגלייבט און דאָס האָבען געוואָלט די משכילים, און ווייל זיי זענען געווען דערהויפט בוך-מענטשען, האָבען זיי געגלייבט מער פאַר אַלץ אין דעם כח פון בילדונג, בילדונג זאָל קומען דורך נייע היינטוועלטיקע ביכער, צייטונגען, און ראשית-כל דורך נייע היינטוועלטיקע שולען. אין די אַלטע חדרים און תלמוד-תורות איז דער גאַנצער למוד געווען חומש מיט רש״י, שלחן-ערוך און גמרא, בכלל יידישקייט,

און אַרויסגעקומען זענען קאַליקעס. אין די נייע שולען זאָל מען לערנען חוץ יידישקייט, נאָך שפּראַכען אויך, לשון־קודש, די לאַנד-שפּראַך און היינטוועלטיקע זאַכען, אַזויווי אין שולען בא אַלע פעלקער, ס׳זאָל אַרויס אויפגעקלערטע מענטשען, און זיי זאָלען טויגען „צו גאָט און צו לייט״.

אָס די דאָזיקע געבילדעטע יידען, די משכילים, האָבען געוואָלט אומבייטען דעם גאַנצען יידישען לעבענס-שטייגער. דער י.ד זאָל זיך אָפּטרייסלען פון דעם פאַנאַטיזם, פון דער לייַדי-גייערייַ, פון דער נאַרישער גדלות, פון ווילדע מנהגים, פון דער זשופּיצע מיט׳ן שטריימעל, און פאַר איין-וועגס פ ו ן ז י י ן ש פ ר אַ ך, ד. ה. פ ו ן י י ד י ש א ו י ך. אויס מיט יידיש! דער ייד זאָל אָנהייבען רעדען און שרייבען, טראַכטען און פילען אויף אַ פרעמדער שפּראַך, אויף דער לאַנד-שפּראַך: אין רוסלאַנד אויף רוסיש, אין פוילען אויף פויליש וכדומה. אַזוי האָבען זיי די ערשטע גענומען רודפ׳ען די יידישע שפּראַך.

פאַרוואָס איז בא זיי יידיש געווען אַזוי שטאַרק אָפּגעפּרעגט? דאָ זענען געווען עטלעכע סבות. פאַר זיי גופא איז יידיש געווען ניט מער, ווי אַ נשאר פון דער אַלטער יידישלעכקייט, וואָס אין דעם, אין דער יידישלעכקייט, האָבען זיי געזען אַלע יידישע צרות. זיי אַליין האָבען באַקומען בילדונג און וויסען אויף פ ר ע מ ד ע שפּראַכען, צום מיינסט, אויף דייטש, די יידישע ליטעראַטור איז נאָך דאַמאָלס געווען זייער אָרעם, אויסער צאנה־וראנה, מוסר ספרים און בבא-מעשיות זענען אויף יידיש קיין אַנדערע נוצלעכע, היינטוועלטיקע ביכער כמעט ווי ניט געווען. ממילא האָבען זיי ניט געהאַט קיין דרך-ארץ פאַר יידיש. אַקע-גען אַנדערע שפּראַכען האָט יידיש אויסגעזען אַזוי עלענט און וויסט, אַזויווי דאָס יידישע לעבען אַקעגען דער וועלט. נעמען ווייטער און באַשאַפען אויף יידיש היינטוועלטיקע נוצלעכע בי-כער, אַז אַ ייד זאָל זיך קענען בילדען אויף יידיש, אַזויווי יע-דער אַנדער פאָלק אויף זיין שפּראַך, אַזאַ געדאַנק איז זיי גע-

וען פרעמד. צי וואָס באַשאַפען נייעס, אַז ס'איז פֿ אַ ר אַ ן פ אַ ר-טיג אויף פרעמדע שפראַכען, דאָרט, ווו זיי גיפא האָבען געשעפט און זענען געהאָלפען געוואָרען? אין מ'דאַרף דאָס גאָרנישט אויך! אין דאָס איז די וויכטיקסטע זאַך. ייִדיש האַלט צונויפגעשמיט ייִדען איניינעם, מאַכט פֿון זיי אַ באַזונדערע אומה, מיט באַזונדערע מדות און מנהגים און מיט אַ באַזונדער רוחניות'דיק לעבען. בכלל יידיש שייט-אָפ ייִדען פון קריסטען, פון אַ וועלט, די שפראַך מאַכט אַ מחיצה, און די מחיצה דאַרף מען אומוואַרפען,—איבער איר קומען אַלע ייִדישע אומגליקען. ייִדען דאַרפען זיין מיט אַלע גלייך, ד. ה. אין רוסלאַנד דאַרפען זיי זיין רוסען, אין פוילען--פּאָליאַקען, נאָר מיט זייער איינגענער אמונה. ייִדען דאַרפען רעדען די לאַנד-שפראַך, רוסיש, פויליש וכדומה, דאַרפען לערנען די קינדער אין רוסישע, פוילישע שולען, דאַרפען האַנדלען און אַרבעטען, לעבען בכלל, אַזוי-ווי די אַרומיקע קריסטלעכע וועלט. פאַר ייִדישקייט איז גענוג, אַז ייִדען וועלען לייגען תפילין און גיין אין מנין, עסען כשר'ס און געבען אַ נדבה. דאָס האָט געהייסען, אַז ייִדען זאָלען זיך אַסימילירען, ד. ה. זיי זאָלען אָנווערען זייער איינגענעם קבוץ-לעבען, זיי זאָלען ווערען אויס באַזונדערע אומה און זאָלען זיך, אין אַלע ענינים פאַרגלייכען מיט דער קריסטלעכער וועלט—חוץ אין אמונה-זאַכען.

די אַסימילאַציע, דאָס אָפּטרייסלען זיך פון אַן אַלגעמיינעם ייִדישען שטייגער, זאָל האָבען אַ טאָפּעלע פעולה. ראשית, זאָלען ייִדען פטור-ווערען פון דעם איינגענעם, אַלטען שימעל, פון דעם פאַנאַטיזם, לייִדיגגייערי, אָרעמקייט, אָפּגעריסענקייט פון דער וועלט וכדומה,—זיי זאָלען אָנהייבען געניסען פון אַ וועלט; שנית, זאָל צוליב דעם בטל-ווערען דער אַנטיסעמיטיזם, די ייִדענפיינטשאַפט. קריסטען וועלען זען נעבען זיך היינטוועלטיקע, אייפגעקלערטע ייִדען, וואָס גייען געקלייט אַזוי ווי זיי, רעדען אויף איין שפראַך מיט זיי, לעבען בכלל, היץ אין אמונה-זאַכען, אַזוי ווי זיי, ממילא

וועלען זיי איינזען, אַז דער ייד איז אַזאַ מענטש, ווי זיי און ס'איז אים נישטאָ פאַרוואָס פיינט-צו-האָבען, פאַרוואָס צו רודפ'ען.

נאָכמער! די דאָזיקע משכילים האָבען בתמימות געגלייבט, אַז די אַסימילאַציע זאָל ברענגען יידען די פּאָליטישע ישועה אויך. יידען זאָלען באַקומען איבערדעם „פּראַווע" גלייך מיט אַלע. וואָרום איז דער ייד גלייך אין אַלע זאַכען מיט אַלעמען, קומט אים דאָך אויך דאָס, וואָס אַלע קומט!

אַזוי האָבען גע'חלומ'ט אונדזערע משכילים פּטור-צו-ווערען פון יידישע צרות, פון יידישען גלות: און הי"ת ווי יידיש, די פּאָלקס-שפּראַך, פאַרלענגערט דעם גלות, יידיש האַלט צונויף יידען איינייינעם, אַזויווי רייפען אַ פאַס; יידיש דערלאָזט נישט, אַז זיי זאָלען איינגעשלונגען ווערען און בטל-בששים-ווערען אין דער גוישער סביבה, דאַרף מען פּטור-ווערען פון יידיש — דאַרף מען די פּאָלקס-שפּראַך אויסראָטען. און די ערלעכע משכילים האָבען טאַקע פון זייער זייט אַלץ געטון, כדי זייער צוועק צו דערלאַנגען. מ'האָט גע'פועל'ט בא „נאַטשאַלסטווע" זי זאָל עפּענען אויף יידיש געלט, פון דעם ליכט-אָפּצאָל („סוויעטשנאָי סבאָר") „קאַזיאָנע", דאָס הייסט, רוסישע שולען פאַר יידישע קינדער. געלערענס האָט מען דאָרט אַלץ רוסיש און אויף רוסיש, און כדי יוצא-צו-זיין פאַר יידישקייט האָט מען געלערענט דאָרט „ביבליע" (להבדיל חומש) און „זאַקאָן באָזשי" (להבדיל, שולחן-ערוך) אויך אויף רוסיש, אויפ'ן שפּיץ מעסער. מ'האָט איינגעפירט קאַזיאָנע רבנים, וואָס האָבען ממש על קדוש-השם גע'דרש'ענט פון דער בימה אויף דעם שיינעם באַרדיטשעווער רוסיש, מ'האָט געדינגען גוטע אַמען און ניאַניעס, און אַליין געבראָכען, נעבעך די צונג, קינדער זאָלען זיך פון קינדווייס-אָן אָפּגעוויינען פון יידיש. און ס'האָט דערלאַנגט אַזוי ווייט, אַז ס'זענען געווען צייטען, ווען משכילים, יידישע פּאַטריאָטען, האָבען פאַר'מאוס'ט אין דער וועלט'ס איגען יידיש, און בא דער רעגירונג אודאי, אין זיי האָבען געאַרבעט און געוואָלט פּועל'ען בא דער

רעגירונג, אַז אויף יידיש זאָל מען נישט טאָרען דרוקען קיין זאַך, אויסער מוסר-ספרים. דאָס אַלץ צוליב דעם, טאָמער וועלען טאַקע יידען זיך אַרומזען און באַ־שאַפען באַ זיך הײַנטוועלטיקע, נ צלעכע ביכער אויף יידיש און זיי וועלען זיך פון יידיש בילדען און בויען, און ממילא נישט דאַרפען אָנקומען נאָר צו רוסיש, אָדער צו פויליש. אין מיר האָבען דערלעבט צו דעם בזיון, אַז רוסישע מיניסטאָרען, וואָס יידיש איז זיי געוויס ווייניק וואָס אָנגעגאַנגען, האָבען געלערענט דרך-ארץ אויפגעקלערטע יידען, אַז אַזוי טוט מען נישט, מיט געוואַלט נעמט מען נישט צו קיין שפראַך באַ קיין פאָלק. ס'וועט אגב נישט העלפען אויך, וואָרום אַ פאָלק בײַט נישט זײַן שפראַך ל.יט דעם גוטען ווילען פון אינטעליגענטען. זיי, די פרעמדע, די „גויים", האָבען באַוויזען מער חוש, מער פאַרשטאַנד פאַר'ן יידישען פאָלק און פאַר זײַן שפראַך, איידער אונדזערע אייגע־נע, אויפגעקלערטע ברידער.

פון דאַמאָלסט אָן האָט מען געוואָרפען אַנ'אומ'חן אויף יי־דיש און מ'האָט אָנגעהויבען רופ'ען די פאָלקס-שפראַך. מ'האָט זי נישט אַרײַנגעלאָזט אין דער קאַזיאָנער שול, און אין דער זעלבער צײַט האָט מען פאַר'מאוס'ט און פאַרוואָרלאָזט די חדרים און תלמוד-תורות, וואָס דאָרט האָט מען געלערענט אויף יידיש. מ'האָט מיטגעהאָלפען דער רעגירונג, אָדער לכל הפחות נישט געשטערט, אַז יידיש לא יזכר ולא יפקד אין דער עפענטלעכקייט. אַ ייד האָט נישט געטאָרט רעדען אין אַ יידישער שטאָט אויף אַנ'אָפענער אַסיפה אויף יידיש, ווער שמועסט שוין אויף פאָסט, אויף דער באַן מיט אַ טשינאָווניק. מ'האָט נישט געלאָזט שפילען קיין יידיש טעאַטער און געצוווּנגען די שפילער צו ברעכען דעם צונג א.יף „דײַטש" מיט הילע פתח'ען. אַ לאַנגע צײַט, ביז דעם יאָר 1905, האָט מען אויף יידיש נישט געטאָרט דרוקען קיין צײַטונגען.

אין דאָס, וואָס די ערשטע תמימות'דיקע משכילים האָבען

געטון בשוגג, זײַ האָבען געמײנט גוטס טון דעם פאָלק, נאָר זײַ האָבען געגרײַזט, זײַ זענען געגאַנגען מיט אַ פאַלשען וועג— דאָס האָבען זײערע געבױ־דעטע אײניקלעך געטון במזיד. די ערשטע משכּילים זענען געווען געטרײַע יִדען, זײַ זענען אויס־געוואַקסען אויף תּורה און השכּלה און האָבען קוים געגאַשט אַ ביסעל בילדונג פון ביכער אויף פרעמדע שפּראַכען, זײַ האָבען נאָך אַלײן מיט אײן פוס געשטעקט אין בית־המדרש און זענען געווען איבערגעגעבענע פאָלקס-מענטשען. השכּלה, בילדונג האָבען זײ געמײנט,—נישט זײער אינטערעס, נאָר דעם פאָלקס טובה. זײ אַלײן איז אויסגעקומען אויסצושטײן געבראָכענע לײד, אַלערלײ רדיפות און פלאָג פון די פאַנאַטיקער און צבוע׳קעס, זײ האָבען זיך ממש מוסר-נפש-געווען, כּדי דאָס פאָלק צו בילדען, דאָס פאָלק זאָל די ליכטיקע שײַן דערזען. זײ, די דאָזיקע תּמימים, יושבי אוהל, מיט זײער קנאַפּ ביסעל וויסען, האָבען טאַקע ער־לעך געמײנט, אַז זײ וועלען דאָס גאַנצע פאָלק אויסבילדען, פי־רען אויף אַ נײַעם דרך, אַזוי ווי זײ האָט אויסגעוויזען פאַר גוט און ווויל. זײ האָבען נאָר געקאָנט אַ טעות האָבען און מײנען, אַז דאָס פאָלק וועט מיטאַמאָל פאַרגעסען זײַן שפּראַך, יִדיִש, ס׳וועט זיך אויסלערנען אַ פרעמדע שפּראַך, רוסיש אָדער פּויליש. אַז דאָס זאָל ווערען זײַן מוטער-שפּראַך, אַזוי ווי פריִער יִדיִש. זײ האָבען געמײנט נישט זיך, נאָר דאָס פאָלק, זײ זענען גע־ווען אין אָנהײב, נישט געהאַט קײן שום געניטקײט און געמעגט גרײַזען.

אָבער זײערע אויסגעקלערטע אײניקלעך פון דעם אָדעסער שניט זענען שוין געווען אַנדערע מענטשען. זײ איז שוין ביל־דונג אָנגעקומען זײער גרינג, זײ זענען שוין אַדורכגעגאַנגען גימנאַזיעס און אוניווערזיטעטען און זײ האָבען זיך שוין גאָר און גאָר אָפּגעטרײסעלט פון יִדישקײט: נישט קײן תּורה און נישט קײן השכּלה. זעלטען ווער פון זײ ס׳האָט שוין געקאָנט קדיש־זאָגען נאָך דעם טאַטען, נאָך דעם יִדען, דעם משכּיל און

בן-תורה, זײַ זענען שוין געווען גאָר און גאָר הײַנטוועלטיקע מענטשען, האָבען שוין פאַרשטאַנען אַ וועלט, און זײַ האָבען שוין געקאָנט זען, צו וואָס די רדיפות אויף יידיש האָבען געבראַכט. און געבראַכט האָט מען עס צו אַזאַ זאַך: אײנצעלנע ייִדען, געצײלטע „מוצלחים פון גבירישע, בעל-הבית׳ישע קינדער, זענען געוואָרען טאַקע גרויסע געבילדעטע לײַט, נאָר זײ זענען געוואָרען אויס ייִדען, זײַ האָבען זיך גאָר און גאָר אָפּגעריסען פון דעם כלל, דערווײַטערט זיך אפילו פון ייִדען. ס׳ר׳ב זענען דאָס געווען קאַריעריסטען, מענטשען, וואָס האָבען בכלל געקלערט נאָר פון זיך, ניִשט פון קיינעם, פון ייִדען אודאי ניִשט. וואָס פאַר אַ חבר איז מיט זײַ אַ ייִד מיט באָרד און פאות אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע, וואָס ער קאָן אפילו קיין רוסיש אָדער פּויליש ניִשט רעדען? און אפילו די בעסטע פון זײ, די אידעאַליסטען, די פײַנע-לײַט, וואָס האָבען געאַרבעט און זיך מקריב-געווען פאַר׳ן כלל, האָבען עס געטון פאַר אַנדערע, פאַר רוסען, פאַר פּאָליאַקען, נאָר ניִשט פאַר ייִדען. אַזוי איז אויסגעוואַקסען אַ גאַנצער ד״ר געבילדעטע ייִדען, וואָס זענען געווען פרעמדע מענטשען צווישען איינגען פאָלק, וואָס האָבען דעם ייִדען ניִשט פאַרשטאַנען, ניִשט געקאָנט זיך צונויפרעדען מיט אים. דערהויפּט איז די פאַרפרעמדקייט גרויס-געווען צווישען געבילדעטע ייִדישע טעכטער, וואָס זענען קינדווייס אפילו אין חדר ניִשט געגאַנגען, און האָבען ניִשט געוווּסט פון ייִדען וואָס צו זאָגען, חוץ, אַז דאָס איז אַ מאָדנע ווילד פאָלק, וואָס האַלט זיך באַ זײַנע „נאַרישע“ מנהגים און „פרעמדער“ שפּראַך און גייט-אַרום ניִשט אויף זײַן וועלט.

וואָס מער ס׳איז געוואָרען באַ אונדז הויך-געבילדעטע לײַט, אַלץ מער איז דאָס פאָלק, דער גרויסער המון, געזונקען אין פינצטערניש און אין אומוויסען. און דאָ שטעקט דער וויכטיקסטער חלוק צווישען די ייִדעס, די משכילים און ער׳ע געבילדעטע איינקלעך. יענע, די ייִדעס, האָבען געאַר-

בעט פאַר דעם פאָלק, די אייניקלעך האָבן געטון פאַר זיך. פאַר זיך האָט מען געלערענט שפראַכען און וויסענשאַפטען, פאַר זיך האָט מען זיך געבילדעט, פאַרשטענדיגט-זיך מיט אַ וועלט. פאַר דעם פאָלק האָט מען גאָרנישט געטון. און דאָס דיפּט-אומגליק האָט דאָ געשטעקט אין דער שפראַך. דאָס פאָלק האָט, פאַרשטייט זיך, זײַן שפראַך, זײַן ייִדיש, נישט געביטען אויף אַ פרעמדער שפראַך, אַזוי ווי די משכילים האָבן עס געוואָלט, דאָס פאָלק האָט עס נישט געקאָנט טון אַפילו בײַ זײַן בעסטען ווילען, ווארום נישט מיט'ן גוטען ווילען באַקומט דאָס פאָלק אַ שפראַך און בײַט זי אויס אויף אַן'אַנדערער. פון געצײלטע „קאַזיאָנע" ייִדישע שולען זענען אַרויס קאַליקעס, וואָס האָבן נישט קיין רוסיש, נישט קיין ייִדיש נישט געקענט. קומען צום פאָלק, לערנען, בילדען דאָס פאָלק, האָט מען געקאָנט נאָר מיט דער פאָלקס-שפראַך, מיט ייִדיש. אָבער אויף ייִדיש איז געלעגען אַ חרם, ייִדיש איז געווען טריף. דער גוטער רצון פון די זיידעס, די משכילים, איז שוין נישט געוואָרען, די מעלות זייערע האָבן שוין די אייניקלעך נישט פאַרמאָגט, נאָר דער טעות, דער פאַלשער וועג, די פײַנטשאַפט און פאַראַכטונג צו ייִדיש—דאָס איז געבליבען, און פאַר דער דאָזיקער וויכטיקער ירושה האָט מען זיך געהאַלטען שטאָל און אײַזען. אַסימילאַציע, רוסיש אָדער פויליש, איז נאָך אַלץ געווען אין זייערע אויגען אַ סגולה פאַר „פראַווע" און אַ פּאַטענט אויף צו זײַן אַ הײַנטוועלטיקער, אויפגעקלערטער מענטש, און האָט מען זיך שוין יאָ געפרווט טון עפּעס פאַר'ן פאָלק, איז אַלץ אויף דער פרעמדער שפראַך. מ'האָט געמאַכט שולען אויף אַ פרעמדער שפראַך פאַר עטלעכע הונדערט קינדער, געדרוקט ביכער און צײַטונגען פאַר געצײלטע מענטשען, נאָר חלילה נישט אויף ייִדיש. מיט אַ זעלטענער עקשנות האָט מען געוואָלט מיט דעם קאָפּ ברעכען די וואַנט, מיט אַן'עמער אויסשעפּען אַ ים. איז טאַקע דאָס פאָלק געבליבען פינצטער און וויסט, אַזוי ווי

געווען. הונדערטער טויזענטער קינדער האָבען געשמאַכט אין די חדרים און תלמוד-תורות, וואָס מ׳האָט געלאָזט באַ די פרומע און פרומאַקעס אין די הענט. וואָס האָט דער פאָלקס-מענש געקאָנט דאָרט זיך אויסלערנען?

טאָמער האָבען זיך געפינען איינציגע אויסגעקלערטע יידען, דערהויפט שרייבער, וואָס האָבען געוועזן, ווהין דאָס פירט, און האָבען זיך גענומען רעדען צו דעם פאָלק אויף זיין שפּראַך, אויף יידיש; האָט מען געקוקט אויף זיי מיט רחמנות, אַזויווי אויף משוגעים, אָדער אויף בטלנים, אויב נישט גאָר, ווי אויף מסיתים ומדיחים, וואָס דערלענגערען דעם גלות.

דער חרם אויף יידיש איז געווען אַזוי שטאַרק, מ׳איז אַזוי פאַרגלייבט געווען, אַז נאָר דורך רוסיש אָדער דורך פויליש עפענען זיך די טויערען פון בילדונג, פון וויסען, פון אַ וועלט, מ׳האָט אַזוי פאַר׳מאוס׳ט די יידישע שפּראַך, אַז דאָס פאָלק גופא איז אַראָפּגעפאַלען באַ זיך און די אייגען מיט זיין שפּראַך און האָט נישט באַוויזען זיך רעכט אַקעגענשטעלען. וואָס פאַרשטייט ער, אַ פּשוט׳ער ייד, אַז די געבילדעטע, די אינטעליגענטען זאָגען, אַז יידיש איז—פע! און אגב האָט דער פּשוט׳ער ייד געזען, אַז די פרעמדע שפּראַך איז אַ תכלית-זאַך: אַ גימנאַזיסט, אַ סטודענט, ווער שמועסט שוין אַ דאָקטער—דאָס איז הן צו אַ שדוך, הן צו פרנסה! רוסיש, די פרעמדע שפּראַך בכלל, איז געוואָרען אַ פּריווילעגיע, אַ זכה-בגורל. קיין יידישע גימנאַזיעס, ווער שמועסט שוין יידישע אוניווערזיטעטען זענען נישט געווען, אפילו נישט קיין רעכטע יידישע פאָלקס-שולען. און דער ייד האָט אפילו נישט געחושט, אַז ס׳קאָן יאָ זיין; אַז ער דאַרף עס מאָנען. די געבילדעטע יידען האָבען דאָס אים נישט געלערענט, אדרבא! חלילה, אַז אַזוינס זאָל גאָר אויף דעם געדאַנק קומען. דער ייד האָט זיך געהאַלטען באַ זיין שפּראַך, נאָר קיין נחת האָט ער שוין פון איר

ניִשט געהאַט, און זײַן קינד האָט ער שוין געלאָזט אויף גאָטס באַראָט שווימען מיט דעם שטראָם.

## די נײַ־מאָדישע נאַציאָנאַליסטען און ציוניסטען.

ניִשט קײַן בעסערע מערכה האָט יידיש געהאַט שפּעטער, ווען יידישע משכילים און געבילדעטע האָבען נאָך די פּאָגראָמען, 30—40 יאָר צוריק, אַ וואָרף-געטאָן זיך צוריק צו יידישקײַט און געוואָרען פאַרברענטע „נאַציאָנאַליסטען". דאָס איז געווען זײַער אַנ׳אומגעזונטער „השיבנו נאַזאַד". מ׳האָט זיך אָפּגעשטײַסעלט ניִשט בלויז פון דער אַסימיליאַציע, נאָר פון דער בעסטער השכלה-ירושה אויך. פריִער האָבען יענע משכילים צוליב דער גרויסער, שײַנער וועלט געגומען פאַרלײַקענען דעם יידען, איצט האָט מען, פאַרקערט, מיטאַמאָל מבטל-געמאַכט אַ וועלט און מיט אַ ברען זיך גענומען דוכנ׳ען פאַר דער גוטער, אַלטער יידישקײַט. די וועלט האָט אונדז אָפּגענאַרט!—האָבען זיך על-חטא געשלאָגען די נײַע נאַציאָנאַליסטען, על-פי-רוב געוועזענע גוטע אַסימיליאַטאָרען. בילדונג—איז קײַן בילדונג ניִשט, אמת איז קײַן אמת ניִשט, יושר—קײַן יושר ניִשט. מ׳האָט אונדז יידען פײַנט־געהאַט אין גע׳רודפ׳ט די גאַנצע וועלט, און אַזוי וועט עס בלײַבען אויף דור-דורות. מיר האָבען נאָר איין וועג פאַר זיך: אָפּטרעטען דעם שונא דעם פּלאַץ, אַנטלויפען, ראַטעווען דאָס יידישקײַט. און ווו איז נאָך אַזוי גוט צו ראַטעווען יידישקײַט, ווי אין ארץ-ישראל?

דער נײַער ככול-שמונה׳דיקער נאַציאָנאַליזם, די אויפגעקומענע אפּיקורס׳ישע יידישקײַט, איז געבוירען-געוואָרען ניִשט אינעווײַניק אין פאָלק, ניִשט פון זײַנע שטענדיקע לעבענס-באַדערפעניִשען, נאָר פון דרויסען, פון די גאַסען-שטײַנער, וואָס אויפגערײַצטע כוליגאַנעס האָבען אויף יידען געוואָרפען, ניִשט געשאַנעוועט די מיוחסים-אינטעליגענטען אויך. ממילא איז ער

געווען פרעמד דעם פאָלקס-לעבען, זיי אין זײַנע פּאָליטישע חלומות: אַנטלויפען פון דאַנען אין הייליגען לאַנד-אַרײַן, — זיי אין זײַן קולטור-פּראָגראַם. דאָס פּראָגראַם בכלל איז געווען הויכע רוחניות. צוליב די חלומות וועגען הייליגען לאַנד, וואָס זאָל מיטאַמאָל ווערען אַ יידישע מלוכה, האָט מען אַרויסגעוואָרפען דעם גלות, ד. ה. צוויי טויזענט יאָר יידישע געשיכטע, מבטל-געמאַכט דאָס גאַנצע יידישע לעבען. יידיש האָט מען פּײַנט-געהאַט נאָך פון פריער, פון די אַסימילאַטאָרישע יאָרען אָן. איצט איז קײַגען יידיש צוגעקומען נאָך אַ טענה, און דוקא אַנטי-נאַציאָנאַליסטישע: יידיש איז דאָך געקומען יידען אין „גלות" און אַזוי ווי דער „גלות" קאָן קיין קיום נישט האָבען, וועט יידיש אודאי בטל-ווערען. און אַזוי ווי פון דעם „גלות" דאַרף מען פּטור ווערען, דאַרף מען פון דער „גלות-שפּראַך" (ד. ה. יידיש) אויך פּטור-ווערען. דאָרט, אויף די בערג פון ציון וועלען מיר באַנײַען אונדזער אַלטע נביאים-שפּראַך, אַזוי ווי אַמאָל, און דאָ אין „גלות" מאַכט שוין נישט א.יס. מ'וועט שוין ווי עס איז אָפּשטויפען די עטלעכע יאָר. און ס'איז טאַקע אַ יושר, אַז שוין דאָ אין „גלות" זאָל מען אײַנפירען די העברעישע שפּראַך, מיר זאָלען שוין דאָ האָבען די אתחלתא דגאולה.

אויף אַזאַ שטייגער האָט מען גענומען מיט אַ נײַעם ברען ווײַטער רודפ'ען די פאָלקס-שפּראַך, און דאָסמאָל שוין נישט לשם אַסימילאַציע, לשם גוישקייט, נאָר אדרבא, נאָר צוליב יידישקייט, צוליב דער אמת'ער כפול-שמונה'דיקער ארץ-ישראל-יידישקייט. יידיש איז שוין נישט געווען די מניעה צו פאַר'גוי'שען זיך, אַזוי ווי בײַ די אַלטע אַסימילאַטאָרען, נאָר פאַרקערט, יידיש איז שוין אַ חסרון צו זײַן אַ רעכטער ייד, וואָרום אַ רעכטער ייד דאַרף גאָר רעדען לשון-קודש. ווער ווייסט עס נישט?

שפּעטער, דאָס הייסט, מיט אַ יאָר 15—20 צוריק, ווען ס'איז אויפגעקומען דער פּאָליטישער ציוניזם, דער ציוניזם פון

דיפּלאָמאַטיע און באַזעלער קאָנגרעסען, און אַלע טאָג האָבען זיך ציוניסטען גערייכט, אַז אָט אָט גיט איינדז דער סולטאַן אָפּ ארץ־ישראל, האָט מען זיך גענומען מלחמה-האַלטען קעגען יידיש אויף אַן׳אַנדער אופן. מ׳האָט איינגעפירט „חדרים מתוקנים” און מ׳האָט אָנגעהויבען קנעלען מיט יידישע קינדערלעך נאָר אויף לשון-קודש. יידיש האָט נישט געטאָרט געדאַכט-ווערען. פון דער דאָזיקער שפּיל איז גאָרנישט געוואָרען: די עטלעכע בעל-הבית׳ישע יינגלעך האָבען זיך אָפּגעמאַטערט אַ פּאָר יאָר אין די חדרים מתוקנים, נאָכדעם זענען זיי אַריין אין די גימנאַזיעס און בשלום פאַרגעסען די עטלעכע צענדליק העברעישע ווערטער, וואָס זיי האָבען אויסגע׳חזר׳ט אין די ניי-מאָדישע חדרים. אָבער די ציוניסטען און העברעיסטען האָבען זיך געלערענט דערפון גאָר אַ פאַרקערטען מוסר-השכל: אַז די יידישע פאָלקס-שול מוז זיין דוקא אויף העברעיש. וואָס זיי האָבען נאָר געקאָנט טון אויף אויסצעראָטען יידיש פון די שולען, פון די תלמוד-תורות האָבען זיי געטון און מ׳האָט גענומען טרייבען די שפּיל ווייטער: יידען, סתם-יידען, זאָלען אָנהייבען רעדען לשון-קודש. עטלעכע בחורים און בעל־הבית׳ישע טעכטער האָבען גענומען ברעכען דעם צינג אויף העברעיש, אין ציונים האָבען אָנגעקוואָלען. נאָר אַזוי ווי איינפירען העברעיש איז נישט פון די גרינגע זאַכען, האָט מען זיך געמאַכט אַ הסכם: *„עברית או רוסית”*, העברעיש אָדער רוסיש! בעסער רוסיש רעדען און לערנען, אַבי נישט יידיש. אַזוי אַרום זענען די כפול-שמונה׳דיקע נאַציאָנאַליסטען געקומען פּראַקטיש דערצו, וואָס זייערע טאַטעס, די אַסימילאַטאָרען, האָבען עס געטון מיט אַ כיון: *מ׳האָט נאָך מער פאַר׳גוי׳שט דאָס יידישע לעבען*, מ׳האָט נאָך מער געטריבען די יידישע שפּראַך פון דער פאָלקס-שול און פון דער תלמוד-תורה, פון דעם וואָרט און בוך, פון וואַנען מ׳האָט נאָר געקאָנט. און דאָס אַלץ מיט דער בעסטער כונה: אַז מ׳וועט פטור-ווערען פון יידיש, וועלען יידען ווערען הוילע לשון-קודש-מענטשען.

דאַמאָלס זענען אויפגעקומען די „יידישיס־טען", דאָס הייסט די פאָלקס־מענטשען, יידישע שרייבער, לערער, אינטעליגענטען און סתם־יידען פאָלקס־קינדער, וואָס האָבען געזאָגט: גענוג זיך נוקם־געווען אין יידישען פאָלק! גענוג געשפּעט און געלאַכט, פון דעם פאָלק און פון זיין שפּראַך! גענוג, אַז יידען זאָלען זיין קאַליקעס צוליב אַסימיליאַטאָרישע אָדער העברעיסטישע חלומות, זיי זאָלען זיין שטום און בלינד, נישט קענען און נישט וויסען גאָרנישט, נישט קאָנען זיך אַליין אַרויסהעלפען אין קיין פנים נישט האָבען באַ דער וועלט דער־פאַר, וואָס אַ הייפעל אַסימיליאַטאָרען און סתם פאַנטאַזיאָרען ווילען דערלעבען אַ נחת, אַז אַ ייד זאָל מיטאַמאָל ווערען אַ רוס, אַ פּאָליאַק אָדער אַ לשון־קודש־מענטש,—גענוג! אַ ייד האָט זיין שפּראַך, יידיש,—גלייך מיט אַלע, און פון דער דאָזיקער שפּראַך דאַרף ער זיך שפּייזען!

# II.

## וואָס ווילען „ייִדישיסטען“?

---

### ייִדישע שולען און בילדונג.

וואָס-זשע ווילען האָבען די ייִדישיסטען? לאָמיר גיין בהדרגה. לאָמיר אָנהייבען פון פאָלקס-שולען, פון בילדונג בכלל.

„ייִדישיסטען“ גייען מיט דעמזעלבען וועג, וואָס ס׳זענען געגאַנגען אונדזערע בעסטע משכּילים, די אמת׳ע פאָלקס-פריינט. זיי ווילען, אַז אַ ייִד זאָל זיין אַ מ ע נ ט ש. די צייטען ווען אַ ייִד איז געלעגען, ווי אַ וואָרעם אין כריין, אין די ד׳ אמות פון בית־המדרש און ייִדישקייט, און האָט געמיינט, אַז ס׳איז קיין זיסערס נישטאָ — די יאָרען האָבען זיך שוין געפעלט. הייַנטיקע צייטען לעבט שוין נישט אַ ייִד צוליב עולם־הבא, ער וויל שוין געניסען פון דער וועלט. ממילא, דאַרף אַ ייִד קענען און וויסען נישט נאָר ייִדישקייט, אַזוי ווי אַמאָל, נאָר טאַקע אַלץ, וואָס אַ הייַנטוועלטיקער מענטש דאַרף וויסען, צו וואָס פאַר אַ פאָלק ער זאָל נישט געהערען. דאָס ראָזיקע וויסען באַקומט אַ פאָלקס-מענטש קודם-כּל פון דער פאָלקס-שול. מ׳דאַרף דעריבער האָבען ה ייַ נ ט וו ע ל ט י ק ע פ אָ ל ק ס - ש ו ל ע ן, וואָס דאָס ייִדישע קינד זאָל דאָרט ענטוויקלען זיין שכל און זיינע חושים, זיין נשמה און זיין גוף און זאָל זיך אויסלערנען דאָס וויכטיקסטע, וואָס עס האָט נייטיק אין לעבען: לייענען און שרייבען, רעכענען און וויסען פון אַ וועלט (געאָגראַפיע, געשיכטע, די נאַטור

וכדומה). נאָר אָנשטאָט דעם, וואָס די אַלטע משכּילים האָבען געמיינט, אַז דאָס אַלץ מוז מען איבעראַרבעטען אין קינדס כּוח אויף אַ פרעמדער שפּראַך, זאָגען די יידישיסטען: ניין, נישט אויף אַ פרעמדער, נאָר אויף דער אייגענער שפּראַך, אויף יידיש. דער גרעסטער פעלער פון די משכּילים איז געווען די פרעמדע שפּראַך, דעריבער האָבען זיך יידישע קינדער גאָרנישט אויסגעלערנט. אין דער יידישער פאָלקס-שול דאַרפען אַלע למודים, אַלע געשפּרעכען פון די לערער מיט די קינדער, הכּלל, אַלצדינג געפירט-ווערען אויף דעם קינדס מאַמע-לשון, אויף יידיש. מיר דאַרפען נישט אָנקומען צו קיין פרעמדער שפּראַך.

נישט מיר דאַרפען, נישט מיר קאָנען אָנקומען צו אַ פרעמדער שפּראַך, צו רוסיש, פּויליש וכדומה. מיר דאַרפען נישט, ווארום מיט וואָס איז יידיש ערגער פאַר אַנדערע שפּראַכען? קאָן מען דען אויף יידיש נישט רעדען, שרייבען, טראַכטען, פילען אַזוי גוט, ווי אויף יעדער אַנדער שפּראַך? זאָלען מיר דען זאָגען, אַז יידען—סוחרים, לומדים און גאונים האָבען געהאַט אַנ׳ ערגערע שפּראַך, אַנ׳אָרעמערע שפּראַך, איידער דער רוסישער, פּוילישער פויער, וואָס אויף זיין שפּראַך לערענט מען יאָ אין דער פאָלקס-שול. זאָלען מיר דען זאָגען, אַז יידען, וואָס זיי רעדען נאָר יידיש, האָבען נישט גענוג שטאָף אין דער שפּראַך אויף אַרויסצוגעבען די טיפסטע געדאַנקען, די געהויבענע געפילען? הייסט עס, אַז זיי, יידען שטייען נידעריגער פאַר פויערים? ווער וועט זיך איינשטעלען אַזוינס צו זאָגען, אַז די שפּראַך, למשל, פון א׳ רמ״א פון אַ ווילנער גאון, פון אַ בעל-שם-טוב און ר׳ לוי יצחק באַרדיטשעווער איז אָרעמער און שטייט נידעריגער פאַר אַנ׳אַנדער שפּראַך.

אלא וואָס דען, פלעגען טענה׳ן יידישע געבילדעטע לייט, יידיש איז נאָך נישט צוגעפּאַסט צו דער נייער היינטיקער וועלט,

צו ווִיסענשאַפט, צו העכערע ענינים, בכלל. בעת קריסטען האָ-בען אויסגעאַרבעט אַ הײַנטוועלטיִקע לִיטעראַטור און ווִיסענשאַפ־טען, איִז די שפּראַך בײַ זײַ געוואַקסען פֿאַמעלעך צוזאַמען מיִט זײַער נײַער קולטור, און ביסלעכווײַס, גאָר אומבאַמערקט זענען צוגעקומען נײַע ווערטער, נײַע אויסדריִקען. אין דער דאָזיִקער צײַט האָבען יִידען נאָך אַלץ געהאַלטען אין אַמפּערען זיך איבער אַ שטיִקעל מהר״שא, אַזוי־ווי הונדערטער יאָרען צוריִק, די יִידי-שע שפּראַך איִז, דעריִבער, ווי פֿאַרגליִווערט-געוואָרען בײַ די אויסדריִקען פֿון בית-המדרש און פּינ׳ם מאַרק. קײַן נײַע ווערטער, קײַן נײַע ווענדונגען זענען ניִשט צוגעקומען, די יִדיִשע שפּראַך איִז געבליִבען היִנטערשטעליִק אַקײגען אַ וועלט נײַע זאַכען און אויפטוען.

איִז דער תירוץ: דאָס איִז נאָר אַ האַלבער אמת, און דער קאָן אונדז אויך קײַן שאָדען ניִשט ברענגען. מיִט צענ־דליִקער יאָרען צוריִק איִז טאַקע אַ ייד געווען אומבאַהאָלפען, ווען ער זאָל זיך געווען פּרוּוון איִבערגעבען, למשל, וויִסענשאַפטען אויף יִדיִש. אָבער די לעצטע יאָרען איִז יִדיִש ניִשט געשטאַנען אויף אײן אָרט. פֿאַרקערט! יִדיִש האָט זיך אַ שטאַרקען רוק־געטון פֿאָרויס און האָט זיך גוט אויסגעאַר-בעט. יִדיִשע שרײַבער, מענדעלי מוכר ספרים, י. ל. פּרץ, שלום-עליכם און אַנדערע, אמת׳ע קענער פֿון דער פֿאָלקס-שפּראַך און מענטשען מיִט טאַלענט, האָבען אַנטפּלעקט אוצרות שפּראַך. זײַ האָבען איִבערגעגעבען די טיִפֿסטע זאַכען פֿון הײַנטיִקער וועלט אויף אונדזער שפּראַך, זײַ האָבען שוין געוויִזען, וואָס פֿאַר אַ כּח ס׳ליִגט אין אונדזער שפּראַך, ווי מ׳קאָן די פֿאַרברײַטערען, אַז זי זאָל תּופֿס-זײַן אַ וועלט, מ׳דאַרף זי נאָר קענען און פֿאַרשטײן איר גײַסט. יִדיִשע צײַטונגען, וואָס אָהן זײַ קאָן שוין קײַן ייִד ניִשט אויסקומען די לעצטע 15 יאָר, שרײַבען וועגען אַלצדינג: וועגען פּאָליִטיִק און בערזע, וועגען מסחר, וועגען מלוכה-זאַכען און הײמישע ענינים, הכלל זײַ שרײַבען ווע־

גען אַלצדינק איף דער וועלט ניט ערגער פאַר צייטונגען אויף אַנדערע שפּראַכען. די לעצטע יאָרען זענען אויף יידיש צוגע-קומען ביכער וועגען וויסענשאַפטען, וועגען פילאָזאָפיע, וועגען עקאָנאָמישע פראַגען, וועגען געשיכטע, געאָגראַפיע, חשבון, נאַ-טור-וויסען, אפילו וועגען פילאָזאָפיע, וועגען גראַמאַטיק און שפּראַך-אייגענשאַפטען פון יידיש אויך. אמת, אַז דאָס איז נאָר אַנ'אָנהייב. אַקייגען אַנדערע שפּראַכען זענען מיר נאָך אָרעם, אָבער אָרעם איז אונדזער ליטעראַטור, נישט די שפּראַך, קיין פּאַרטיג מאַטעריאַל, קיין געדרוקטע ביכער וועגען די אַלע זאַכען האָבען מיר נאָך נישט גענוג, אָבער די שפּראַך איז דאָ נישט שולדיג, די שפּראַך פּאַרמאָגט אין זיך אַלץ, אַזוי ווי יעדע אַנדע-רע: והא-ראיה, דאָס וואָס איז שוין געטון-געוואָרען! נאָר וואָס דען? מיר האָבען אונדזער יידישע שפּראַך נישט גענוצט, ווי ס'דאַרף צו זיין, איבער די אַסימיליאַטאָרען און העברעיסטען. די שפּראַך איז אַזוי ווי אַ לעבעדיקער אבר, וואָס ווערט פאַרשלאָ-פען און אָפּגעשוואַכט, אַז מ'נוצט אים נישט. אָבער אַ האַנט בלייבט אַ האַנט, און וואָס מער איר וועט מיט איר אַרבעטען, מער ווערט זי געשיקטער, פלינקער. דאָס אייגענע איז אויך מיט דער יידישער שפּראַך. ביז מיר האָבען זי נישט גענוצט פאַר היינט-וועלטיקע זאַכען, איז זי געווען אָרעם; שוואַכע מוחות וואָס זע-בען אַליין נישט ביכולת עפּעס אויפצוטון, נאָר מוזען נעמען אַלצדינק פאַרטיגערהייט פון פרעמדע ביכער, זיי האָט געקאָנט אויסוויזען, אַז יידיש טויג נישט. אָבער ווי נאָר מיר האָבען אָנגעהייבען צו שרייבען און צו רעדען אויף יידיש וועגען היינט-וועלטיקע זאַכען, האָבען שוין אַלע געמוזט אַרויסזען, אַז מ'האָט אויסגעקלערט אויף יידיש אַ בלבול, און אַז באמת טויג דאָס אַזוי גוט, אַזוי ווי יעדער אַנדערע שפּראַך. היינטיקע צייטען רע-דען און שרייבען שוין אויף יידיש אַ סך געבילדעטע מענטשען, און זיי פילען גאָרנישט, אַז זיי פעלט עפּעס. די שפּראַך וואַקסט פון זיך אַליין, אַזוי ווי אַ לעבעדיק באַשעפעניש, אין וואָס מער

זי דאַרף האָבען, אַלץ מער צײַט זי עס טאַקע פון אײַגענע כּוחות. נישט ווייניק געוועזענע און איצטיקע שׂונאים פון דער יִדישער שפּראַך מוזען נעבעך אַלײן אָנקומען צו איר, ווען מ׳דאַרף רע-דען מיט׳ן פאָלק. מ׳פאַרבײַגט די חרפּה אָן אַ זײַט און מ׳פאַר-געסט אגב, וואָס מ׳האָט פריער אַלײן געזאָגט, אַז יִדיש טויג נישט.—אַז מ׳דאַרף, טויג עס.

הקצור, די נורא, די אויפּריכטיקע אָדער די געמאַכטע, אַז מיט יִדיש קאָן מען נישט אויסקומען, איז פאַלש. יִדיש איז שוין איצט שטאַרק אויסגעוואַקסען, און וואָס מער מיר וועלען די שפּראַך נוצען, ווערט זי וואַקסען און אַרויסברענגען פון זיך גופא אַלץ, וואָס מיר האָבען נײטיק. נישט מיר זאָלען וואַרטען, ביז עמיצער וועט אונדז צוקלערען אַ דיקען ווערטער-בוך מיט ווערטער פאַר געשיכטע, געאָגראַפיע, פאַר פיזיקע וכדומה, און נאָכדעם ערשט וועלען חכמים פּסק׳נען די שאלה, צי לוינט לער-נען דערמיט אין דער שול. באַ קײן פאָלק און אין קײן שפּראַך איז דאָס נישט געווען אַזוי. לערער נעמען לערנען, און אַז זײ דאַרפען דאָס וואָרט, ווערט עס באַ די לערער מיט די תּלמידים צוזאַמען,—קײנער ווייסט אפילו נישט, וויאַזוי דאָס איז געוואָרען. אָט דאָס איז דער כּוח פון אַ לעבעדיקער שפּראַך. היוצא מזה, אַז מיר דאַרפען נישט אָנקומען צו קײן פרעמדער שפּראַך. מיר האָבען אײגענס גענוג.

מיר קאָנען נישט אָנקומען צו קײן
פרעמדער שפּראַך.

דאָס איז, אָבער, נאָך נישט אַלץ. מ׳דאַרף זיך קלאָר-מאַ-כען, אַז אַפילו ווען מיר זאָלען וועלען, קאָנען מיר נישט אָנקומען צו קײן פרעמדער שפּראַך, דערהויפּט אין דער שול, און בפרט נאָך באַם אָנהײב, אין דער פאָלקס-שול. מיר מוזען לערנען אויף יִדיש, אויף מאַמע-לשון, וואָס דאָס קינד האָט אין מויל, אויב מיר ווילען נאָך, אַז די אַרבעט מיט׳ן קינד זאָל

נישט זיין ארויסגעוואָרפען, אַז דאָס קינד זאָל האָבען א פעולה אין דער שול און זאָל טיגען צו דער וועלט.

פאַרוואָס? אַמאָליקע צייטען האָט מען גאָרנישט באַדאַרפט קיין חקירות און קיין ראיות: יידען האָבען געלערענט אין חדרים און אין ישיבות אויף יידיש; דאַוונען, חומש, גמרא, פוסקים, חקירה-ספרים האָט מען פאַרטייטשט אויף יידיש, ווי דען? זענען אָבער אויפגעקומען באַ אונדז „פאַרדרייטע קעפ און מ'האָט אָנגעהויבען באַווייזען, אַז צוויי מאָל צוויי איז נישט פיר, און אַז לערנען מיט'ן קינד דאַרף מען דוקא אויף אַזאַ שפּראַך, וואָס עס פאַרשטייט נישט, דאָס הייסט, אויף רוסיש, פּויליש אָדער העברעיש. דער ייד, ווידער, פון אַ גאַנץ יאָר, איז נאָך צו קיין היינטוועלטיקער יידישער פאָלקס-שול נישט געוויינט. ער ווייסט: אָדער אַ חדר און תלמוד-תורה פאַר דאַוונען מיט חומש מיט רש"י. ד. ה. פאַר יידישקייט—אָדער אַ רוסישע „קאַזיאָנע" שול פאַר מענטשלעכקייט, פאַר דער היינטיקער וועלט. קיין היינטוועלטיקע שולען, וואָס מ'זאָל דאָרט לערנען אויף יידיש, האָט די אַלטע צאַרישע רעגירונג נישט געלאָזט, און געבילדעטע יידען האָבען עס נישט געוואָלט. האָט זיך טאַקע באַ דעם יידען עפּעס אויסגעבילדעט אין קאָפּ, אַז ווי באַלט מענטשלעכקייט, ווי באַלט היינטוועלטיקע וויסענשאַפטען אין דוקאַציע—איז נישט אַנדעריש, נאָר אויף אַ פרעמדער שפּראַך, נאָר אויף רוסיש, פּויליש וכדומה. מוז מען קומען איצט באַווייזען דאָס, וואָס דער וועלט איז שוין לאַנג קלאָר, דאָס הייסט, אַז צוויי מאָל צוויי איז פיר, און אַז לערנען מוז מען מיט דעם קינד נאָר אויף זיין מוטער-שפּראַך—אַזאַ מזל האָבען מיר שוין!

אומעטום, באַ אַלע פעלקער. אויף גאָר דער וועלט, איז אַ כלל גדול, אַז לערנען און מדרך-זיין, דערהויפּט אָנהייב־קינדער אין דער פאָלקס-שול, דאַרף מען און קאָן מען נאָר אויף'ן קינד'ס מוטער-שפּראַך, דאָס הייסט, אויף דער שפּראַך, וואָס עס איז אויסגעוואַקסען אויף איר, וואָס עס

הערט זי באַ זיך אין שטוב, אין זײַן סביבה. פאַרוואָס? ראשית, דערפאַר פשוט, ווײַל דאָס איז גרינגער. אַז מ'וויל עפּעס אויסלערנען אַ נײַע זאַך, דאַרף דער לערער נאָר שלײַפען זײַן שכל, נאָר מסביר־זײַן דעם נײַעם ענין, די שפּראַך האָט ער ניט אַ פאַרטיגע, דאָס קינד פאַרשטײט דעם לערערס יעדעס וואָרט, אָפּט נאָך אויפ'ן ווינק. וויל, למשל, דער לערער ווײַזען דעם קינד, אַז צוויי מיט צוויי איז פיר, דאַרף ער אים נאָר די זאַך נענטער מאַכען, אַז דאָס קינד אַלײן זאָל עס זען. דער לערער הײסט, למשל, דעם קינד פאַרבײגען פריער צוויי פינגער, דערנאָך אַנדערע צוויי פינגער און הײסט אים איבערצײלען דורכאַנאַנט, צײלט דאָס קינד: אײנס, צוויי, דרײַ, פיר, — זעט דאָס קינד אין געוויינס זיך צו, אַז צוויי מיט צוויי איז פיר. די גאַנצע אַרבעט גײט צו געשווינד, לעבעדיק, דאָ גײט קײן מינוט ניט לאבוד. דעם קינד איז ניט לאַנגווײַליק, עס טוט די אַרבעט צוזאַמען מיט'ן לערער, הקצור, דאָס קינד לערענט זיך אויס גרינג אַזוי ווי אַ שפּיל.

שטעלט אײַך, אָבער, פאָר, אַז דאָס זעלבע ווילט איר געבען צו פאַרשטײן דעם קינד אויף אַ פרעמדער שפּראַך, אויף רוסיש, פּויליש, אָדער אויף העברעיש, איז, ראשית-כל, נאָך אײדער איר טרעט צו צו דער עצם-זאַך דאַרף דער לערער חזר'ען מיט'ן קינד פרעמדע ווערטער: דאָס קינד דאַרף פריער אויס'חזר'ן, אַז צוויי איז אויף פּויליש — דוואַ, אויף העברעיש — שנים, פיר איז טשטערי, אַרבע און דאָס גלײַכען. וויל דער לערער אַדורכמאַכען מיט'ן קינד די אָפּעראַציע מיט די פינגער, דאַרף ער נאָך מיט'ן קינד חזר'ן נײַע ווערטער: אַ פינגער איז אויף פּויליש פּאַליעץ, אויף העברעיש — אצבע וכדומה. הקצור ווערטער, ווערטער אָהן אַ שעור. וואָרום דאָס קינד ווײסט דאָך ניט, וואָס דער לערער רעדט צו אים, ממילא דאַרף מען דערויף פאַרלירען אַ סך צײַט; פריער לערנען די קינדער פרעמדע ווערטער, כּדי צום סוף קומען דערצו, אַז צוויי מיט צוויי איז פיר. דאָס אײגענע באַ יעדער נײַער

זאַך דאַרף מען מאַטערען דאָס קינד אויף פרעמדע ווערטער, און ווי די דאָזיקע ווערטער צו פאַרבינדען, ער קאָן נישט פריי רע-דען, וואָרום דאָס קינד פאַרשטייט נישט. דאָס קינד, ווידער, איז לחלוטין שטום, וואָרום דאָס קינד קען נאָר די עטלעכע ווער-טער, וואָס ער האָט אויסגעחזר'ט, נישט מער. דער לערער קריכט פון די כלים אַרויס, מוז מאַכען מיט די הענט און מיט די פיס, רעדען אויף שטום-לשון, כדי צו דערקלערען דעם קינד, וואָס מיינט ער מיט אַזאַ פרעמד וואָרט.

פאַר דעם קינד איז דאָס אַן אמת'ער גיהנום, ווייל ס'איז עס לאַנגווייליק, ס'קאָן זיך נישט אויסרעדען און דער מוח באַ דעם קינד, אָנשטאָט צו אַרבעטען אויף דעם תוך, אויף דער נייער זאַך, וואָס דער לערער איז אים מסביר (למשל, צוויי מיט צוויי איז פיר), אַרבעט עס אויף ווערטער, עס מוז די גאַנצע צייט האַלטען אין זכרון, אַז דוואַ אָדער שנים מיינט מען צוויי, טשטערי אָדער אַרבע מיינט מען פיר, און נישט פאַרקערט. און אַזוי קומט עס טאַקע דערצו, אַז דאָס קינד קאָן קיין צוויי נישט ציילען, וואָרום די זאַך, וואָס אַ קינד וואָלט אויף זיין שפּראַך געקאָנט משיג-זיין אין פינף מינוט, געדויערט זי באַ אים, אויף אַ פרעמדער שפּראַך, שעה'ן לאַנג, און איר זייט נאָך קיינמאָל נישט זיכער, אויב עס מאַכט אַ פעלער, צי איז דאָס דערפאַר, וואָס ס'האָט שלעכט אויסגעחזר'ט אָדער פאַרגעסען דאָס פרעמ-דע וואָרט, אָדער דערפאַר, וואָס עס האָט דעם נייעם ענין נישט פאַרשטאַנען.

### אין אַ שול אויף אַ פרעמדער שפּראַך קאָן דאָס קינד קיין פעולה נישט האָבען.

דאָ האַנדעלט זיך, אָבער, נישט נאָר פון צייט פאַרלירען, נישט נאָר דערפון, וואָס לערנען עפּעס אויף אַ אומבאַקאַנטער שפּראַך נעמט אָפּ צען מאָל אַזויפיל צייט איז ס'קומט אָן בקריעת ים-סוף דעם לערער און דעם קינד. דאָ איז פאַראַן נאָך אַן ער-

גערע מכה, וואָס קיין צייט העלפט אויך נישט דערצו. די מעשה איז, וואָס אויף אַ פרעמדער שפראַך קאָן די שול קיינמאָל נישט האָבען אַזאַ פּעולה, ווי אויף דער איי־גענער שפראַך. ס׳איז אַ טעות צו מיינען, אַז אין דער שול, בפרט נאָך אין דער פאָלקס־שול, לערענט מען דעם קינד נאָר וויסענשאַפטען; נייעס, וואָס מ׳דאַרף זיך אויסלערנען, ווי למשל, רעכענען (אַריפמעטיק), געאָגראַפיע, געשיכטע וכדומה. אין אַ שול איז מען מדריך דאָס קינד, מ׳גיט עס דערציהונג, דוקאַציע. דאָס הייסט, מ׳זעט צו ענטוויקלען דאָס קינד, צו עפענען דעם קינד׳ס מוח און אַלע חושים, מ׳געוויינט צו דאָס קינד צו טראַכטען און צו פילען, צו הערען און צו זען, צו פאַרשטיין און באַנעמען אַ וועלט אַרום זיך. מ׳זעט, אַז דאָס קינד זאָל גייסטיק וואַקסען, זאָל זיך אויסלערנען צו זיין זעלבסטשטענדיק, פון דער שול זאָל דאָס קינד אַרויס מיט אַ חשק אַליין צו לערנען זיך בײַ דער וועלט און פון אַ בוך. אויף דעם קינד׳ס מוטער־שפראַך איז אַזאַ אַרבעט בײַ אַ געניטען לערער נישטאָ וואָס גרינגער. דער לערער רעט מיט די קינדער, לייענט פאַר אַ מעשה, גייט מיט זיי אין וואַלד וכדומה. יעדע געלעגענהייט נוצט דער לערער אויס, כדי צו ענטוויקלען דאָס קינד.

דאָס קינד, אַפילו אַ קינד פון פינף, זעקס יאָר, קומט אין דער שול מיט אַ גרויסען אוצר באַגריפען, געפילען, איבערלעבענישען, וואָס ס׳ברענגט פון דער היים, פון דער גאַס, און וואָס ס׳ליגט בײַ דעם טיף אין האַרצען און אין מוח. דאָס קינד, נישט נאָר ס׳רעט, נאָר ס׳טראַכט און ס׳פילט, און געוויינלעך אויף זיין שפראַך, אויף דער מוטער־שפראַך. הקצור, דאָס קינד איז אַ קליינע וועלטעל פאַר־זיך, און דעם לערער׳ס אַרבעט איז — דאָס דאָזיקע וועלטעל פאַרברייטערען, פאַרפיינערען, פאַרטיפען. פונקט ווי אַ גערטנער טוט נישט אַריין קיין איי־גענעם חיות און זאַפטען אין אַ יונג ביימעל, נאָר היט עס אָפּ, זעט, אַז עס זאָל וואַקסען, ווי ס׳באַדאַרף צו זיין, קיין ווערים

און אַנדערע מזיקים זאָלען דערצו נישט צושטיין, ס'זאָל האָבען גענוג לופט, זון וכדומה.

דער לערער, למשל, וויל געוויינען דאָס קינד ליב-האָבען די נאַטור (באַ אינדזערע יידישע קינדער איז דאָס געוויס נישט קיין איבעריקע זאַך), דערציילט ער דעם קינד אַ מעשה פון אַ בוים און פון אַ פעלד, פון אַ טײַך און פון אַ באַרג. דאָס קינד הערט-אויס די מעשה אָדער לייענט זי אַליין אין ביכעל, דעם קינד איז אינטערעסאַנט די מעשה פאַר־זיך, און דער לערער פירט דאָס קינד שוין ממילא אַרויף אויף דעם געדאַנק, וואָס ער וויל. דאָס קינד באַמערקט עס אפילו נישט. ס'איז נישטאָ דער טאָג, די שעה, די זאַך,—דער לערער זאָל נישט קאָנען אויסנוצען, כדי דאָס קינד צו ענטוויקלען. קינדער האָבען געכאַפּט אַ פייגעלע, זיי האָבען עס געמאַטערט. אָדער פאַרקערט, זיי האָבען עס אָפּגעלאָזט פריי,—אַ געשפּרעך וועגען פייגעלעך: ווו קומען אַהין פייגעלעך אום ווינטער (זיי פליען אַוועק אין די וואַרעמע לענדער), דערפון אַרויף אויף וואַרעמע און קאַלטע לענדער, פון וואַנען נעמט זיך דאָס א. אַ. וו. מאָרגען איז חנוכה, פורים, תשעה-באב, די נײַן טעג וכדומה. וואָס איז אַזוינס שבת, יידישע ימים-טובים, תעניתים א. אַ. וו. ס'איז אָנגעקומען אַ בריף פון דעם טאַטען פון אַמעריקע, וואָס איז דאָס אַמעריקע? לאָמיר נאָר זעען אויף דער לאַנדקאַרטע, וויאַזוי לעבט-זיך דאָרטען? וואָס איז דאָס פאַר אַ לאַנד? וויאַזוי האָט מען ענדעקט אַמעריקע?—אויפ'ן גאַס גיסט אַ רעגען, ס'איז אַ גאַנצער מבול. וואָס איז דאָס אַזוינס אַ מבול? ווו האָט איר געלערענט פון מבול? וואָס דערציילט דער חומש פון מבול? פון וואַנען נעמט זיך רעגען, שניי? א. אַ. וו.. אָהן אַ שיעור שטאָף פאַר באַלערנען דאָס קינד און אויפקלערען עס וועגען נאַטור און מענטש, וועגען פעלקער און לענדער, וועגען יידען, וועגען דער גאָרער וועלט. דאָס קינד האָט שוין אַנ'אָנהייב דערפון. ס'האָט אַליין אַ סך געזען און פון עלטערע געהערט, מ'דאַרף נאָר דאָס דאָזי-

קא קינדישע קלאָר-מאַכען, ציען דעם פאָדעם ווייטער.

געבענטשט איז דער לערער און גליקלעך איז דאָס קינד, ווען די דאָזיקע אַרבעט ווערט געפירט אויף דעם קינדס-שפּראַך, אויף יידיש. דאָ איז אַלץ פאַראַן פאַרטיג, דער לערער און דאָס קינד פאַרשטייען-זיך אויפ'ן ווינק. וואָרום דאָס יידישע וואָרט איז בא ביידען אַ לעבעדיק באַשעפעניש; אין יעדען וואָרט ליגען צענדליקער בילדער, געפילען, דמיונות, אַ וואָרט קיימעלט-זיך, פירט אַרויף פון איין געדאַנק אויפ'ן אַנדערען, וועקט זכרונות און געפילען. און דאָס וואָרט איז דאָ אויסגעקנאָטען מיט'ן יידי־שען לעבען, מיט יידישען געפיל, מיט יידישע געשיכטע. דאָס קינד האָט נישט קיין מי בא דעם לערנען, עס באַמערקט גאָר-נישט, ווי עס וואַקסט גייסטיק, אַזויווי עס באַמערקט נישט, ווי עס וואַקסט אין גוף. דער לערער איז דעם קינדס חבר. די שול איז אַ צווייטע היים.

אומגליקלעך זענען ביידע, דער לערער און דאָס קינד, ווען מ'מוז דאָס אַלץ קנעלען אויף אַ פרעמדער שפראַך. אָט דאָס מיינט מען, אַז מ'זאָגט בא אונדז: האַקען האָלץ. וואָרום נישט קיין נייע וועלט ווערט דאָ ענטפּלעקט פאַר דעם קינד, נאָר פרעמדע, טויטע ווערטער. צווישען דער וועלט און צווישען דעם קינדס השגה שטעלט־זיך דאָ, ווי אַנ־אייזערנע וואַנט, דאָס פרעמדע וואָרט. און דאָס פרעמדע וואָרט איז טויט. אַ פייגעלע—איז אַ לעבעדיקע זאַך, דאָס קינד זעט עס און ס'פילט עס. זאָל דער לערער זאָגען דעם קינד: „אַ פייגעלע", —איז עפענט-זיך פאַר דעם קינד אַ שלל בילדער; דאָס קינד האָט פייגעלעך געכאַפּט, אַ פייגעלע אין האַנט געהאַלטען, ס'ווייסט צו דערציילען פון די פעדערלעך און פליגעלעך, פון דעם פּיס-קעלע און פון די פיסעלעך, פון דעם „ער" און פון דער „זי". אַ פייגעלע פליט בא אַ קינד, אין דעם קינדס השגה אויך דער-מיט. זאָגט, אָבער, דעם קינד „פטאַשעק" אָדער „צפור", איז דאָס אַ פאַפירענער פויגעל, אַ בלייערנער פויגעל, אַ וואָרט,

און נישט מער,—וואָס פליט נישט און לעבט נישט, און איז באַשאַפען-געוואָרען נאָר, כדי צו פאַרומערען דעם קינדס יאָרען און טעג, און פאַר׳מאוס׳ען די וועלט. דאָס קינד איז שטום אין דער שול, ווארום יאָרען-לאַנג דאַרף געדויערען, אַז דאָס קינד זאָל אויסלערנען גענוג פרעמדע ווערטער און די דאָזיקע ווערטער רעכט צעקייען, אַז ס׳זאָל וויסען, ווען און וואָס מ׳זאָגט עס. נישט נאָר דאָס קינד, נאָר אפילו אַ דערוואַקסענער מענטש, און געבילדעטער מענטש, וועט קיינמאָל נישט צופאַסען קיין פרעמדע שפראַך צום יידישען לעבען, צום יידישען שכל, צום יידישען וויץ, צו יידישע השגות. דאָס קינד ווערט פאַרטעמפט, ווארום טראַכטען, פילען אויף קיין פרעמדער שפראַך קאָן מען נישט. נישט אומזיסט דערציילט מען באַ אונדז דעם געוויסען וויץ פון דער דאַמע, וואָס זי שעמט זיך רעדען יידיש, נאָר אַז זי גייט צו קינד און ס׳נעמען איר די רעכטע שטיקוויייען, ווען זי פאַרגעסט זיך, דאַמאָלס שרייט זי נישט מיט איר קול אויף פשוט מאַמע-לשון: מאַמעניו, גאָטעניו, העלף מיר! דעם קינדס שכל, דעם קינדס האַרץ, ווערט אייַנגעשרומפען אין אַ פרעמדער שפראַך, אַזוי ווי אין אַ שטייַג, זיי דערלעבען נישט אויסצוּוואַקסען, דאָס קינד ווערט אַ קאַליקע אויף אַלע יאָרען, אַזוי ווי מיר זעען די גייסטיקע קאַליקעס, וואָס האָבען זיך געמאַטערט יאָרען-לאַנג אין די „קאַזיאָנע״ שולען, איז אָדער זיי בלייַבען פראים, מענטשען אָהן אַ שפראַך, אָדער זיי פאַרגעסען דאָס ביסעל פרעמדס, וואָס מ׳האָט אין זיי אַריינגעשטופּט אין דער שול. און די שול-יאָרען גייען פאַר זיי לאבוד, די שול ווערט אַן׳אָפּקומעניש פאַר דעם קינד, און דער לערער ווערט באַ אים אַן׳אינקוויזיטאָר.

**די שול דאַרף זיין איינס מיט דער היים, מיט דער סביבה.**

**גאָך איינס:** די שול, בפרט די פאָלקס-שול, איז נאָר דאַ-

מאָלס א׳יף אַנ׳אָרט, זי טוט אויף איר שליחות נאָר דאַמאָלס, ווען,—ראשית, איז זי נישט קיין זייטיגע זאַך פאַר דעם קינד, נאָר אַ גליד פון דער פאַמיליע, פון דער היים, פון דער סביבה, שנית, ווען זי באַוואָפּענט דאָס קינד, ריכט-אויס דאָס קינד, פאַר זיין קינפטיק לעבען. יִדען, און גראָד אַלטמאָדישע יִדען, האָבען דאָס אַלעמאָל אויסגעצייכענט פאַרשטאַנען. אין חדר, אין תלמוד-תורה, האָט דאָס קינד געטראָפען דאָסזעלבע, וואָס אין דערהיים, וואָס אין דער אַרומיקער סביבה. דער פאַרצייטיקער יִיד האָט געלעבט אָפּגעזונדערט פון דער וועלט—צווישען דער היים, מאַרק אין בית־המדרש. פון קיין וועלט האָט ער נישט געוווסט צו זאָגען, און ער האָט זי, די גרויסע וועלט, לויט זיינע השגות, נישט באַדאַרפט אויך. ער האָט זיך זיינע יאָרען אויס-געלעבט אין זיין שטעטעל. אַ יִיד האָט געזאָרגט וועגען תורה און מצוות, מדות און מעשים-טובים. דאָס איז געווען זיין רוחניות, זיין גייסטיקע וועלט, און דאָס איז געווען דער חדר אויך די תלמוד-תורה. מ׳האָט געלערענט עברי, דאַוונען, חומש מיט רש״י, שולחן-ערוך. מיט אַ בעסערען קאָפּ און אין פאַרמעגלעכען גראַד, האָט מען נאָך געלערענט גמרא, פוסקים,—אַלץ, וואָס אַ יִיד דאַרף האָבען אין זיין וועלט. געוויינלעך האָט מען דאָס פאַרטייטשט אַלץ אויף יִדיִש, וואָרום די גאַנצע סביבה איז געווען יִדיִש. דאָס וואָס דאָס קינד האָט געלערענט אין חדר, האָט עס געטראָ־פען אין דער היים אויך, און שפעטער נאָך דעם חדר, האָט ער עס געטראָפען אין דעם גאַנצען יִדישען לעבען. האָט מען גע-וואָלט מיט לערנען דערלאַנגען עפּעס העכערס, האָט מען געלע-רענט אויף רב. הקציר, דאָס גאַנצע אַמאָליקע לערנען איז גע-ווען צוגעפּאַסט צום קינדס היימיש לעבען און צום לעבען פון דעם יִדישען קבוץ בכלל.

היינטיקע צייטען פאָדערט זיך שוין עפּעס מער. אַ יִיד וויל שוין האָבען, אַז אַ חוץ יִדישקייט זאָל זיין קינד וויסען פון אַ וועלט צו זאַגען; ער וויל שוין פאַר זיין קינד היינטוועלטיקע

קענטעניִשען. דער טאַטע אַליין האַנדעלט און אַרבעט שוין היינט מיִט אַ וועלט; ער איִז אַליין אויס אַ וועלט. ווען דאָס קיִנד לע-רענט שוין היינטוועלטיִקע זאַכען נאָר אויף זיין מאַמע-לשון, איִז עס באַ זיִך איִן שטוב, צוויִשען ייִדען אַרום, ניִשט קיין פרעמ-דער. מ׳רעט אויף דערזעלבער שפּראַך און אָפּט פּוּן דיִזעלבע זאַכען. דאָס קיִנד טראָגט-אַריין פון דער שול עפּעס נייעס איִן שטוב-אַריין. אָבער דאָס נייעם קלעפּט-זיִך-צו. די שפּראַך און די השגה, וואָס ליִגען איִן דער שפּראַך, זענען דער בעסטער באַ-העפט. הקצור, דאָס קיִנד ווערט ניִשט אָפּגעריִסען פון זיין שטוב, פון אייגענע טאַטע-מאַמע, פון ייִדען, אדרבא, די שול לערענט איִם צו שעצען זיין שטוב, זיין סביבה, צו שעצען ייִדען בכלל.

לערענט, אָבער, דאָס קיִנד אויף אַ פרעמדער שפּראַך, און ממילא ברעכט עס דעם צונג אויף אַ פרעמדער שפּראַך. אַזוי ווערט עס אַ פ ר ע מ ד ע ר איִן דער א י י ג ע נ ע ר שטוב, עס ווערט פרעמד אייגענע טאַטע-מאַמע, ווער שמועסט שוין פון ייִדען, זיי-טיִגע מענטשען. עס ווערט פרעמד, ראשית-כל, איִבער דער פרעמ-דער שפּראַך, עס קאָן זיִך אַפילו ניִשט רעכט צונויפרעדען מיִט ייִדען. עס ווערט נאָכמער פרעמד איִבער די פ ר ע מ ד ע ג ע ד אַ נ ק ע ן, איִבער די פרעמדע פריידען און ליידען, וואָס שטעקען איִן דער פרעמדער שפּראַך. וואָרום אויף אַ פרעמדער שפּראַך, איִן פרעמדע ביִכער זעט מען אַ פרעמדע וועלט,—אַ רו-סיִשע, אַ פּויליִשע, נאָר ניִשט קיין ייִדיִשע וועלט. אויף העברעיִש זעט מען קיין וועלט בכלל ניִשט, וואָרום אַזאַ העברעיִשע וועלט איִז ניִשט בנמצא, סיידען באַ די פאַרשטעלטע ירושלמי׳ס. אַזוי קומט עס דערצו, אַז דאָס קיִנד ווערט דערווייטערט פון אייגע-נע טאַטע-מאַמע, פון ייִדען אַודאי. זייער שפּראַך, ייִדיִש, איִז באַ איִם מאוס, וואָרום, וואָס-פאַר-אַ שפּראַך איִז עס, אַז איִן דער שול איִז זי טריף? ביִסלעכווייס ווערט איִם אויך מאוס דאָס גאַנצע ייִדיִשע לעבען, וואָרום פון קיין פרעמדער שפּראַך, פון קיין פרעמדע ביִכער קאָן מען זיִך ניִשט אויסלערנען צו פאַר-

שטײַן דאָס יִדיִשע לעבען, הויך-האַלטען יִדען. פון וויִפּעל אַזוי-נע טרויעריִקע משלים ווײסט יעדער יִד צו דערצײלען? איִז דען דאָס אומגליִק איִצט ניִשט פאַראַן כּמעט איִן יעדער יִדיִשער שטוב, דערהויפּט דאָרט, ווו די טעכטער גײען איִן די גיִמנאַזיעס? וויִפּעל אַזוינע אָפּגעשניִטענע אברים, פרעמדע מענטשען האָבען מיִר צוויִשען אונדז? וויִפּעל האַלבע און גאַנ-צע אַנטיִסעמיִטען און ערב-משומדים! און ווער איִז נאָך איִן דעם אַלץ אַזוי שולדיִג, ווי די פרעמדע שפּראַך!

## די שול דאַרף נוצען דעם מענטשען איִן לעבען.

די שול זאָל ניִשט דערווײטערען דאָס קיִנד פון דעם יִדישען לעבען, נאָר פאַרקערט, דערנענטערען,—דאָס איִז אײן זאַך. צווײטענס, אַז דאָס קיִנד לערענט אַלץ אויף זײַן מאַמע-לשון קומט עס איִם צונוץ, שפּעטער אויך, אויף זײַן לעבען לאַנג. אַ יִדיִש פאָלקס-קיִנד, אַ קיִנד פון אַ יִדען אַ בעל-מלאכה, אַ קרעמער, בכלל פון המון, גײט ניִשט נאָך דער פאָלקס-שול איִן קײן גיִמנאַזיעס, איִן קײן אוניִווערזיִטעטען. עס ווערט אַ בעל-מלאכה, אַנ׳אַרבעטער, אַנ׳אָנגעשטעלטער, אַנ׳אַרבעטס-מענטש בכלל. עס בלײַבט צוויִשען יִדען,—טוט און אַרבעט צוויִשען יִדען. ווערט מען מגלגל קײן לאָנדאָן, קײן אַמעריִקע, אויף דער גאָרער וועלט, איִז אַלץ צוויִשען יִדען. מיִט יִדען קאָן מען, אָבער, אויסקומען נאָר אויפ׳ן יִדיִשען לשון. דאָס יִדיִשע לשון איִז אַ געווער איִן האַנט באַם האַנדעל און באַ דער אַרבעט, איִן חברה און איִן קהל. אָהן דעם קאָן עס ניִשט אויסקומען. אָהן יִדיִש, אָדער, מיִט שלעכט יִדיִש, איִז מען ווי אָהן אַ האַנט, ווי אַ פרעמ-דער מענטש צוויִשען אײגענע. הײַנטיִקע צײַטען האָבען מיִר עוין אַ געזעלשאַפטלעך, אַ פּאָליִטיִש לעבען צוויִשען יִדען, יִדי-שע קהלות, פאַרזאַמלונגען וכדומה. ס׳איִז ניִשט גענוג ווי עס איִז צו פאַרשטײן, וואָס יענער רעט, מ׳דאַרף נאָך קאָנען אַלײן

באַנעמען אַ זאַך און עס איבערגעבען יענעם אויך, דאָס הייסט מ'דאַרף אַליין לייענען אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות צו דער וועלט, משיג-זיין און עס איבעראַרבעטען. און נישט גראָד פאַר יענעם, פאַר דער וועלט,—מ'דאַרף עס האָבען פאַר זיך אַליין. פאַר זיך אַליין דאַרף מען קאָנען לייענען אין פאַר-שטיין אַ צייטונג. אַפילו אַ פשוט'ער מענטש דאַרף קאָנען לייע-נען אַ זשורנאַל פאַר זיין פאַך (למשל אַ האַנדעלס-צייטונג, אַ שניידער-זשורנאַל וכדומה). מ'דאַרף קאָנען לייענען אַ ביכעל, ווי זיך, למשל, צו פאַרהיטען פאַר כאָלערע, אַ ביכעל וועגען רעכט און פליכטען פון יעדען בירגער, למשל, וועגען וואַלרעכט, ווע-גען רעכט צו קלייבען און ווערען אויסגעקליבען אין פאַרלאַמענט, אין דעם שטאָט-ראַט וכדומה. בכלל אַ מענטש און בפרט אַ ייד, האָט גייסטיקע הצטרכות. ער וויל באַנעמען עפּעס מער, ווי ער קען איצט. אַמאָליקע צייטען זענען יידען נישט יוצא-געווען מיט'ן חדר אַליין, זיי זענען זיך צונויפגעקומען אין אָווענט, בפרט שבת, אין בית-המדרש, געהערט אַ פרשה חומש, עין-יעקב, היינטיקע צייטען וויל אַ ייד וויסען, וואָס אויף דער וועלט טוט זיך. ער וויל זיך, הייסט עס, ווייטער לערנען, לויט זיין פאַרשטאַנד, לויט זיין גראַד, נאָר שוין אָהן אַ לערער. איז גוט, אַז מ'האָט אים געלערענט אין דער פאָלקס-שול אויף יידיש. דאַמאָלס האָט ער זיך צוגעוויינט צו לייענען אַ צייטונג, אַ ביכעל און געפינען דאָרט, וואָס ער דאַרף האָבען פאַר דעם לעבען, אָדער פאַר דעם גייסט. וואָרום אַ ביכעל, אַ צייטונג לייענען—דאַרף מען אויך האָ-בען אַ רגילות. פון זיך אַליין קומט עס נישט.

ווי איז, אָבער, דער דין, אַז מ'האָט מיט אים אין דער פאָלקסשול געלערענט אַלץ אויף רוסיש, אויף פויליש, אָדער גאָר אויף העברעיש? ראשית, איז ער אַ פרעמדער צווישען יי-דען, ווי מיר האָבען שוין פריער גערעט; שנית, וועט אים דער למוד פון דער פאָלקסשול נישט נוצען אין לעבען. קיינמאָל קאָן זיך קיין קינד אין דער פאָלקסשול נישט

אויסלערנען אַזויפיל, אַזוי גרינדלעך אַ נייע שפּראַך, אַז דאָס זאָל טאַקע ווערען זיין שפּראַך. פון ביכלעך לערענט מען זיך בכלל קיין שפּראַך נישט אויס גרינדלעך. אַ שפּראַך לערענט מען זיך פון טאַטע-מאַמע, פון דערהיים, פון דער סביבה. נאָר אויב מ׳קאָן יאָ עפּעס דערלאַנגען פון פרעמדע ביכלעך, דאַרף מען דערויף פאַרברענגען לאַנגע יאָרען. אין דער פאָלקסשול פאַרברענגט, אָבער, אַ קינד פיר יאָר, אַז אַ סך—איז זעקס יאָר. אין דער דאָזיקער צייט דאַרף אַ יידיש קינד זיך אויסלערנען זייער אַ סך זאַכען: יידישקייט (חומש וכדומה) און וועלטלעכע זאַכען (רעכענען, שרייבען א. ד. גל.). אויף צו לערנען אַ פרעמדע שפּראַך בלייבען געציילטע שעה׳ן אַ וואָך. ממילא לערענט עס זיך טאַקע נישט אויס די פרעמדע שפּראַך, ווי ס׳באַדאַרף צו זיין. אין דער שול מיס׳ן לערער, באַ אַ קינדער-ביכעל, איז עס אַ מזיק. פאַר זיך, אָבער, קען עס די שפּראַך נישט. און אַז עס גייט אַרויס פון דער שול, קומט עס אַריין אין אַ יידישער סביבה, רעט עס יידיש און פאַרגעסט דאָס ביסעל, וואָס ער האָט געקענט אין דער שול, אויפ׳ן שפּיץ-מעסער. קיין צייטונגען, קיין ביכעל אויף דער פרעמדער שפּראַך קאָן מען נישט לייענען, כאָטש מ׳וויל אפשר. אויף יידיש וואָלט מען געקאָנט, ווען מ׳זאָל. אים געווען לערנען, וויל מען אָבער נישט. און ס׳קומט אים שוין אָן שווערער, ווייל מ׳האָט אים נישט געלערענט. בלייבט אַזוינער קרח מכאן ומכאן, אַ מענטש אָהן אַ שפּראַך, אַ מענטש, וואָס קאָן נישט לייענען קיין צייטונג, קיין ביכעל, נישט אויף רוסיש, פּויליש אָדער העברעיש, נישט אויף יידיש. ער בלייבט אַ ני-עם-הארץ, אַ קאַליקע אַלע זיינע יאָר. הייסט עס, אַז דאָס, וואָס מ׳האָט געלערענט אין דער שול איז פאַר אים אַרויס-געוואָרפען. די שול האָט אים פאַר קיין מענטשען נישט געמאַכט, פאַר קיין יידען אודאי נישט. די שול האָט אים נישט אויסגעריכט פאַר׳ן לעבען. די שול האָט נישט אויפגעטאָן איר זאַך, וואָס זי איז מחויב צו-טון, און אַלץ דערפאַר, וואָס מ׳האָט

דאָרט געלערנט אויף אַ פרעמדער שפּראַך.

### צי מיינען די יידישיסטען נאָר יידיש?
### תנ"ך און העברעיש.

ווען מען דאָ פרעגען: וואָס־זשע הייסט עס, אַז אין דער פאָלקס-שול דאַרף מען לערנען נאָר יידיש און מער קיין זאַך ניט; ניט קיין לשון-קודש, ניט קיין תנ"ך, ניט די לאַנד-שפּראַך וכדומה? אַזוי ווילען טאַקע איניגע פאַרברענטע העברע-איסטען אויסטייטשען אונדזער געדאַנק. מאַכען זיך כלא-ידע, פון וואָס דאָ האַנדעלט-זיך. איז דער תירוץ: דאָ האָבען מיר גערעדט, ניט וואָס צו לערנען אין דער פאָלקס-שול, נאָר וויאַזוי צו לערנען. די למודים אין דער פאָלקסשול קאָנען זיין פאַרשידענע, יעדער קלאַס יידען לויט זיין גראַד, לויט זיין פאַרשטאַנד. דער פרומער קלאַס וויל האָבען מער יידישקייט, דער היינטוועלטיקער ייד זוכט מער היינטוועלטיקע זאַכען פאַר זיין קינד. אָבער, וואָס מ'זאָל ניט לערנען אין דער שול, אַלץ-איינס מוז עס לערנען אויף יידיש. אודאי דאַרף מען לערנען תנ"ך און לשון-קודש אויך, אָבער דער למוד דאַרף זיין,—כדי תנ"ך צו קענען, כדי אַ ספר צו פאַרשטיין, ניט כדי דאָס קינד זאָל רעדען אויף העברעיש, ניט מ'זאָל זיך איינרעדען, אַז העברעיש וועט ווערען באַם קינד אַ לעבעדיקע שפּראַך אָנשטאָט זיין מאַמע-לשון,—יידיש. און וויל מען טאַקע, אַז דאָס קינד זאָל קענען תנ"ך, זאָל פאַרשטיין אַ ספר, איז טאַקע גלייכער דאָס לשון-קודש'דיקע פאַרטייטשען אויף יידיש, ניט אויס'הזר'ן מיט דעם קינד עטלעכע הונדערט נייטמאָדישע ווערטער און זיך איינ-רעדען, אַז דאָס קינד רעט שוין העברעיש און וועט תמיד רעדען אַזוי. אויף יידיש האָבען מיר אַלע געלערנט תנ"ך און לשון-קודש, און אונדזער דור פאַרמאָגט מחמת דעם אַ סך יידען יודעי-ספר, יידען, וואָס קענען תנ"ך, וואָס קענען אַריינקוקען אין אַ ספר,—מיר האָבען העברעישע מחברים. וואָס פון די היינטמאָדישע

העברעיִשע חדרים וועט אַרויס, צי וועלען די קינדער קענען לשון-קודש, אפילו דאָס ווייסען מיר נאָך נישט.

## די לאַנד-שפּראַך.

דאָס זעלבע אויך מיט דער לאַנד-שפּראַך און מיט פרעמדע שפּראַכען בכלל. אודאי דאַרף אַ ייִד קענען די לאַנד-שפּראַך, ער דאַרף זיך קאָנען צונויפרעדען מיט אַ קריסט אין האַנדעל, אין דער מלאכה, אין כלל-זאַכען, ממילא דאַרף מען די לאַנד-שפּראַך לערנען מיט דעם קינד אין דער פאָלקס-שול. אָבער דער צוועק פון דעם דאָזיקען למוד איז נאָר אַ פּראַקטישער: דאָס קינד זאָל נאָכדעם פאַרשטיין זיך צונויפרעדען מיט זיין לאַנדסמאַן, מיט דעם רוס אָדער מיט דעם פּאָליאַק, ס'זאָל קאָנען עפּעס איבערלייענען, נישט, אָבער, ווי מ'האָט געוואָלט באַ אונדז ביזאהער, אַז אַ ייִד זאָל לערנען די לאַנדס-שפּראַך, כדי ייִדען, צווישען זיך, זאָלען רעדען אויף דער לאַנד-שפּראַך. די פרעמדע שפּראַך דאַרפען מיר האָבען פאַר דער פרעמד, נישט פאַר זיך. ייִדען האָבען עס שטענדיק זייער גוט פאַרשטאַנען, און זיי האָבען פון דער פּראַקטיק, פון דער גאַס און פון דעם מאַרק, אייסגעלערענט זיך די פרעמדע שפּראַך, ווי ווייט זיי האָבען זי באַדאַרפט האָבען פאַר געשעפטזאַכען. איצט פאָדערט-זיך עפּעס מער, ממילא דאַרפען מיר די לאַנדשפּראַך אַנדערש לערנען, און לערנען זי אין דער פאָלקסשול אויך. אָבער אַלץ מיט דעם זעלבען מיין: נאָר פאַר פּראַקטישע צוועקען, נאָר פאַר דער פרעמד. פאַר זיך האָבען מיר אונדזער אייגענע שפּראַך,—אונדזער ייִדיש. אויף אונדזער שפּראַך, אויף ייִדיש, נישט נאָר מיר רעדען,—אויף ייִדיש טראַכטען מיר אויך, אויף ייִדיש לעבען מיר; מיר פילען אויף ייִדיש פרייד און לייד, האָפנונג און בטחון, דורך ייִדיש קומען מיר אַ וועלט צו זען. אויף קיין פרעמדער שפּראַך נישט מיר דאַרפען אַזוי ווייט דערלאַנגען, נישט מיר קאָנען אַזוי

ווייַט ברענגען. דערפֿון האָבען מיר שוין פֿריִער געזעט.

דער פּראַקטישער צוועק, וואָס מיר האָבען אין זינען בּאַם לערנען די לאַנד־שפּראַך און אַ פֿרעמדע שפּראַך בכלל, ווייזט שוין אויך, וויאַזוי זי דאַרף געלערענט־ווערען, וואָס פֿאַר אַן אָרט זי דאַרף פֿאַרנעמען אין דער פֿאָלקסשול. מ'דאַרף די פֿרעמדע שפּראַך לערנען אַלס שפּראַך, מ'זאָל זי פֿאַרשטיין, ניט מער. גרינגער איז פֿאַר דעם קינד, אַז די פֿרעמדע שפּראַך לערענט מען מיט אים אויך אויף זיין מאַמע־לשון; מ'פֿאַרטייטשט אים דאָס פֿרעמדע, דאָס נייע אויף זיין מאַמע־לשון. אָבער, פֿאַר קיין פֿאַל ניט, אַז אין דער שול זאָל מען אַלע איבעריקע למודים פֿירען אויף דער פֿרעמדער שפּראַך, אַז אין דער שול זאָל דער לערער מיט די קינדער, די קינדער צווישען זיך, רעדען אויף דער פֿרעמדער שפּראַך. דאָס איז איבעריק און ניט מעגלעך אויך.

---

III.

## וואָס טענה'ען די העברעיסטען.

דאָס איז בדרך כלל, כדי נישט איבעריק מאריך-צו-זיין, דער גאַנג פון די יידישיסטען אין הלכות שול און בילדונג. די „יידישיסטען" זענען היינטוועלטיקע מענטשען, זיי ווילען אַריינטראָגען אַ נייעם גייסט, אַ היינטוועלטיקען שניט אין יידישער בילדונג, אין יידישער דוקאַציע, אָבער, זיי גייען מיט דעם אַלטען יידישען דרך: לערנען קאָן מען נאָר אויף דער שפּראַך, וואָס דאָס קינד פאַרשטייט, אויף מאַמע-לשון, אויף יידיש.

קומען די העברעיסטען און לייקענען שטיין-און-ביין און טענה'ן, אַז צוויי מאָל צוויי איז פינף, דאָס הייסט: לערנען דאַרף מען מיט אַ קינד נישט אויף דער שפּראַך, וואָס דאָס קינד פאַרשטייט, אויף יידיש, נאָר דוקא אויף דער שפּראַך, וואָס דאָס קינד פאַרשטייט נישט, אויף לשון-קודש. באַ דער גאַנצער וועלט איז טאַקע גוט, וואָס מ'לערענט און מ'איז מדריך דאָס קינד אויף מאַמע-לשון, נאָר באַ אונדז, יידען, דאַרף זיין פונקט פאַרקערט. דאָס, וואָס פאַר אַלעמען איז רעכט, איז פאַר אונדז שלעכט. פאַרוואָס?

דאָ ווערט אַוועקגעלייגט אַ גאַנץ פעקעל טענות, איינע מאָד-נער פאַר דער אַנדערער. ס'איז שווער צו פאַרשטיין, וואָס איז באַ זיי שטאַרקער:—די פאַרביסענע שנאה צו יידיש צי די פאַרקאָכטקייט אין העברעיש. אודאי איז זייער שווער צו מאַכען

זײַן בלינד זעענדיק. די שווערסטע זאַך איז צו באַווײַזען, אַז צוויי מאָל צוויי איז פיר. מיר האָבען, אָבער, קײן ברירה ניט. צו פיל ליאַרעמען זײ און פאַרטױבען די מוחות, צו ווייניק האָבען יידען געקלערט וועגען דעם, און אַ סך מענטשען פון דעם יידישלעכען קלאַס מײַנען בתמימות, אַז די העברעיסטען מײַנען ניט אויפטון קײן נײַעס, נאָר פירען דעם אַלטען יידישלעכען שטײַגער למוד. מוז מען ז'אָס אַלץ אויפדעקען, נאָכגײן די העברעיסטען פוסטריס, כדי יעדען זאָל קלאָר ווערען, פון וואָס דאָ האַנדעלט זיך.

## יידיש איז קײן שפּראַך ניט.

ראשית, טענה'ן די העברעיסטען, דאַרף מען אויף יידיש ניט לערנען, ווײַל יידיש איז קײן שפּראַך ניט, יידיש איז „אַ זשאַרגאָן", אַ פאַרדאָרבען פרעמד לשון. דאָס איז די נאַרישסטע טענה, וואָס ס'גיט נאָר אין דער וועלט. אויף אַ שפּראַך פרעגט מען קײן יחוס ניט, אַזויווי מ'פרעגט ניט קײן יחוס בײַ קײן מאַמע. קײן פאָלק קלײַבט זיך ניט אויס קײן שפּראַך, וואָס־פאַר־אַ עס וויל, אַזויווי מ'קלײַבט זיך ניט צו קײן מאַמע. ניט צופעליק און ניט מיט'ן בײַזען ווילען האָבען יידען פאַרגעסען לשון־קודש און האָבען איבערגענומען אַ פרעמדע שפּראַך. דאָס לעבען האָט אַזוי געהײַסען, אַנדערש האָבען אונדזערע עלטערען ניט געקאָנט טון! ניט נאָר אין „גלות", ווי העברעיסטען און ציוניסטען ווילען אונדז אײַנרעדען, האָבען יידען אויפגעהערט צו רעדען לשון־קודש, נאָר אין זייער לאַנד, אין ארץ־ישראל אויך. הונדערטער יאָרען, בעת דעם בית־שני, האָבען יידען אין ארץ־ישראל גופא שוין ניט גערעט לשון־קודש, נאָר אַראַמיש. אָבער דאָס דאָזיקע אַלטרײַטשע לשון, דאָס יידיש, וואָס מיר רעדען, שרײַבען, טראַכטען און פילען איצט, איז שוין אַ שפּראַך בײַ יידען טויזענט יאָר. פאַר די דאָזיקע טויזענט יאָר איז דאָס שוין אונדזער

שפראַך געוואָרען, ניִשט קיין פרעמדע. קיין ייִד, איִן משך פון אַנגע ד ר ת, ווער שמועסט עוין היינט, האָט ניִשט דאָס געפיִל, אַז ער רעט אויף אַ פרעמדער שפראַך. דאָס איִז זיין שפראַך, אַזויווי זיין טאַטע-מאַמע, אַזויווי זיין גוף, זיין נשמה. פאַרקערט! דאָס פאָלק האָט זיִך אַזוי צוגעוויינט צו זיין כלומר׳שט „דייטשי-שער״ שפראַך, האַלט עס אַזוי וויט פאַר איִיגענס, אַז ווען איי-נער וויל, מ׳זאָל איִם עפּעס געבען צו פאַרשטיין פון אַ פרעמ-דער שפראַך, אפילו פון לשון-קודש, אָדער אַזוי אַ נייע, אַ פרעמ-דע זאַך בכלל, זאָגט ער: „וואָס טייטש״? „פאַרטייטשט עס מיר״! „פאַרטייטשען״ הייסט באַ יידען: געבען צו פאַרשטיין אַ זאַך מאַכען אַזוי, אַז פון פרעמד און ניי זאָל עס ווערען באַקאַנט און איִיגענס. „טייטש״—איִז איִיגענס; דאָס, וואָס מ׳פאַרשטייט,—אָבער ניִשט קיין פרעמדס. דאָס פאָלק חקרנ׳ט-זיִך ניִשט, נאָר ס׳פיִלט מיִט׳ן האַרצען, מיִט אַלע חושים, אַז יִדיִש איִז זיין שפּראַך. ניִשט אומזיִסט דערציילט מען דאָס גלייכווערטעל, ווי דער ייִד זאָגט אויפ׳ן דייטש, אַז די שפּראַך הרג׳עט איִם אַוועק, דאָס הייסט: דער דייטש רעט שלעכט יִדיִש, ניִשט פאַרקערט.

און ניִשט אומזיִסט איִז עס אַזוי. וואָרום ניִשט סתם אַ פּרעמדע שפּראַך האָבען מיִר איִבערגענומען, נאָר האָבען בזווי-זען די גרעסטע קונץ: פון אַ פרעמדער שפּראַך האָבען מיִר אַן-איִיגענע געמאַכט. מיִר האָבען פ אַ ר י יִ ד יִ ש ט די פרעמדע שפּראַך. מיִר האָבען איִבערגעאָסען, איִבערגעלייטערט די אַלט-דייטשיִשע שפּראַך איִן אַ ייִדיִשער פאָרם, אויפ׳ן יִדיִשען גייסט. פרעמדע ווערטער האָבען מיִר גענומען, אָבער מיִר האָבען אַריינ-געלייגט איִן זיי אַ י יִ ד יִ ש ע נ ש מ ה. מיִר האָבען איִבערגעקנאָ-טען די פרעמדע שפּראַך מיִט אַ מענגע לשון-קודש׳דיִקע ווערטער. אַ גרויסער טייל ווערטער, וואָס מיִר דאַרפען פאַר דער נשמה, פאַר דעם ייִדיִשען גייסט און לעבען, האָבען מיִר אַריינגעזעצט פון לשון־קודש. נאָכמער: אַפילו איִן אַ סך דייטשיִשע ווערטער לייגען מיִר אַריין אַ נ׳אַ נ ד ע ר ט ײַ ט ש, אַ ייִדיִשען זין, דער

דײַטש װעט עס קײנמאָל ניט פאַרשטײן, דאָס אײגענע אױך מיט אַ סך לשון־קודש־װערטער. די יידישע שפּראַך האָט באַשאַפען פאַר־זיך, פאַר איר געברױך, אַזױנע לשון־קודש־װערטער און אױסדריקען, װאָס אין העברעיש נוצט מען זײ ניט, אָדער זײ האָבען אַן אַנדער טײַטש.*) אַזױ איז שױן דער כּוח פון אַ פאָלק, בפרט נאָך פון אַזאַ הױך־גײַסטיק פאָלק, װי יידען. צו מאַכען פון פרעמדס אײגענס, דערױף האָבען געאַרבעט דורות סוחרים, לומדים און גאונים, פאָלקס־מענטשען און שרײַבער. לשון־קודש־װערטער, איבערגעאַנדערשטע װערטער, נײַע אױסדריקען, אַ גאַנץ אַנדער בנין פון דער גאַנצער שפּראַך, יידישער װיץ, װערטלעך. די גאַנצע יידישע פאָלקס־נשמה ליגט אין דער דאָזיקער כלומר׳שט „פרעמדער" שפּראַך. פון דיזעלבע ציגעל בױט מען אַ קלױסטער און להבדיל אַ מקום־קדוש. יידען האָבען זײערס געטאָן מיט די ציגעל פון דער פרעמדער שפּראַך. אין אַ פרעמדען לבוש האָבען זײ אַרײַנגעטאָן אַן אײגענע נשמה, און דערום װײסען יידען, פילען יידען, אַז ס׳איז זײער שפּראַך, ניט קײן פרעמדע. און אַזױ פאַרשטײט אױך די גאַנצע װעלט, װאָס איז ניט פאַרבלענדעט. די װעלט װײסט, אַז יידיש איז אַ יידישע שפּראַך, ניט קײן דײַטש. אַזױ־װי האָלענדיש, נאָרװעגיש, שװעדיש און נאָך אַנדערע שפּראַכען זענען ניט דײַטש, כאָטש זײ שטאַמען פון דעמזעלבען שפּראַך־שורש.

ממילא פאַלט שױן אַראָפּ די טענה, אַז יידיש איז אַ „זשאַרגאָן", דאָס הײסט, פאַרדאָרבען דײַטש. יידיש איז אַנדערש, פון דײַטש, ניט קײן פאַרדאָרבען דײַטש. יידיש איז אַנדערש

*) אױף יידיש זאָגט מען, למשל, „כּלי־זמר", און מ׳מײנט ניט די כּלים, װאָס מ׳שפּילט אױף זײ, נאָר די שפּילער. „הושענא" מײנט מען ניט „העלף", נאָר די װערבע. „קדיש" זאָגט מען אױך אױף אַ זון, װאָס זאָגט קדיש. אױף יידיש זאָגט מען אױף אַ נאַרישען מענטש „אַ בהמה", אױף אַן אײַנגעשפּאַרטען זאָגט מען „אַ דבוק" וכדומה אַזױנע װערטער, װאָס אין העברעיש נוצט מען זײ ניט אַזױ.

אויסגעוואַקסען אַ ייִדער דײַטש. פון דעמזעלבען זאָמען וואַק־
סען-אויס אויף פאַרשידענער ערד פּלאַנצען מיט פאַרשידענע
זאַפּטען, מיט פאַרשידענע פאַרבען. פאַרשידען זענען מענטשען-
ראַסען, פאַרשידען זענען פעלקער, כאָטש זיי שטאַמען פון איינע
און דיזעלבע אור-עלטערען. פאַרשידען זענען אויך שפּראַכען,
כאָטש זיי שטאַמען פון איין שורש. און אַזוי ווי מ׳קאָן נישט
זאָגען, אַז אַזיאַטישע פעלקער זענען פאַרדאָרבענע אייראָפּעער,
אַז אַ כינעזער, למשל, איז אַן איבערגעקרומטער פראַנצויז, אַזוי
איז אויך נאַריש צו זאָגען, אַז יידיש איז אַ פאַרדאָרבען דײַטש.
יידיש איז יידיש נישט קיין ערגערער, נישט קיין בעסערער דײַטש.
וואָרום אַ שפּראַך איז נישט סתם קיין ווערטער, אַ שפּראַך איז
אַ נשמה, אַ פאָלקס-גייסט. און די נשמה, דער פאָלקס-גייסט אין
יידיש—איז אַ יידישער. איך רעד שוין דאָ נישט דערפון, וואָס
מבינות אויף יידיש, זאָגען אַלעמאָל עם־הארצים, מענטשען,
וואָס האָבען נישט די מינדסטע ידיעה אין שפּראַך-וויסענשאַפט.
גראָד דײַטשישע שפּראַך-געלערענטע פאַרשטייען די זאַך אַ סך
בעסער, איידער אונדזערע וויסטע דריי-קעפּ. זיי ווייסען און זאָ־
גען, אַז יידיש איז אַן אייגענאַרטיק לשון, וואָס דאָס יידישע
פאָלק האָט זיך אויסגעאַרבעט. מ׳דאַרף, אָבער, זײַן בלינד, אָדער
אַ צו־להכעיס׳ניק, צו זאָגען, אַז יידיש, די שפּראַך פון יידישע
לומדים און גאונים; די שפּראַך, וואָס פאַרמאָגט שוין אַ ליטע-
ראַטור פון הונדערטער יאָרען, און וואָס איצט באַנוצען זיך מיט
איר געבילדעטע און פּאָליטיקער, שרײַבער און דענקער; די
שפּראַך, וואָס אירע ווערק זעצט מען שוין איבער אויף אַנדע-
רע שפּראַכען, אַז די דאָזיקע שפּראַך איז אַ זשאַרגאָן, אַ פאַר-
דאָרבענע זאַך.

און נאָכאַמאָל: יידיש איז אין אונדזער פאָלקס־שול אין
אין האַרצען באַ אונדז דורות לאַנג. יידיש האָט אונדז געדינט
און דינט איצט אויך, ווי אַ געטרײַע מאַמע. אויף קיין מאַמע
זעט מען, אָבער, קיין חסרונות נישט. אַ קאַליקע אַ מאַמע, איז

אויף אַ מאַמע, און זי איז בעסער, ליבער פאַר דער שענסטער. פיינסטער שטיפמאַמע.

## מ׳דאַרף לערנען אַלצדינג אויף העברעיש.

די גאַנצע מעשה, אַז יידיש איז אַ פרעמדע שפּראַך, אַ זשאַרגאָן, איז נישט מער, ווי אַ חקירה, אַ קאָפּשטיק, פאַרשטייען עס די בעסערע, די ערלעכע צווישען די העבּרעיסטען, זייער ווויל. מ׳וויל זיך, אָבער, דוקא האַלטען באַ דער חקירה, ווייל ס׳לוינט אַזוי. מ׳דאַרף פאַר׳מאוס׳ען יידיש, כדי צו ראַטעווען העברעיש. אין ווייטער אַ חקירה: איז יידיש קיין שפּראַך נישט, אין אַ שפּראַך דאַרף דאָך אַ פאָלק האָבען, ממילא דאַרף העברעיש זיין אונדזער שפּראַך. איינס, צוויי, דריי, אַזוי־ווי דער קונצענמאַכער מיט׳ן שטעקעלע, און דערפון ווערט שוין, אַז העברעיש איז פון תמיד־אָן אונדזער שפּראַך, און ממילא דאַרף מען לערנען אין דער שול אַלץ אויף העברעיש.

מ׳דאַרף! לאָמיר זאָגען, אַז די חקירה איז ריכטיק. פרעגט זיך, אָבער, צי קאָנען מיר דאָס דערלאַנגען? צי דערפון, וואָס מיר וועלען זיך זאָגען, אַז העברעיש איז פון אייביג־אָן אונדזער נאַציאָנאַלישע שפּראַך, אַז דאָס פאָלק לעבט מיט׳ן כח פון דער העברעישער שפּראַך, אַז העברעיש און העברעיש,—צי דערפון איז געדרונגען, אַז מ׳קאָן לערנען מיט׳ן קינד אויף אַ שפּראַך, וואָס דאָס קינד פאַרשטייט נישט? ס׳איז קלאָר, אַז נישט קיין אַנדערע שפּראַך;—זאָל זי זיין ווי הויכגעשעצט אין געקרוינט, ווי איר ווילט,—קאָן נישט פאַרבייטען אין דער שול דעם קינדס מאַמע־לשון, די שפּראַך פון דער סביבה, בפרט נאָך העברעיש! רוסיש אָדער פּויליש האָט כאָטש די מעלה, וואָס דאָס איז אַ לעבעדיקע שפּראַך, אונדזערע שכנים,—רוסען, פּאָליאַקען,—רעדען אויף דער שפּראַך, דאָס קינד הערט די שפּראַך אויף דער גאַס, ממילא קלינגט זי אים נישט גאָר פרעמד, און עס איז מיט דערדאָזי.

קער שפראַך נישט גאָר אָפּגעריסען פון דער וועלט. אויף העב-רעיש, ווי נאָענט צום האַרצען און טייער דאָס זאָל אונדז נישט זיין, קאָן מען די מעלה אויך נישט זאָגען, וואָרום אויף העברעיש רעט קיינער נישט, אויף העברעיש איז דאָס קינד לחלוסין שטום.

די העברעיסטען האַלטען זיך פאַר היינטוועלטיקע מענטשען, און לאַכען פון „בטלנים", פון אַלטמאָדישע חדרים, פון דער אַלט-מאָדישער אַרט דערציהונג. זיי ווילען שוין האָבען, אַז יידישע קינדער זאָל מען דערציען, ווי היינטוועלטיקע מענטשען, אין היינטוועלטיקע שולען, און פון פעדאַגאָגיע האַלטען זיי גאָר עולם ומלואו; איבער יעדע צוויי ווערטער דאָס דריטע איז בא זיי „פעדאַגאָגיע" אין מויל. אָבער דער ערשטער כלל פון פעדאַגאָ-גיע אויף דער גאָרער וועלט איז, אַז מיט קינדער דאַרף מען לערנען אין דער שול אויף זייער מאַמע-לשון. אָבער ווי ס'קומט נאָר צו יידיש, איז ווערט מיטאַמאָל אויס פ ע ד אַ ג אָ ג י ע. פאַר דער גאָרער וועלט איז טאַקע מאַמע-לשון גוט און וויל, אַנדערש קאָן מען גאָרנישט, אָבער פאַר יידישע קינדער איז דאָס אַ כם, מיט יידישע קינדער דאַרף מען לערנען דוקא אויף העב. עיש, וואָס דאָס קינד כאַ־שטייט נישט, וואָס קיינער רעט נישט. פאַרי ביייגט מען שוין פעדאַגאָגיע אָן אַ זייט, ווייל העברעיש—זאָגען זיי—איז די „נאַציאָנאַלע" שפראַך, ווייל דעם יידישען פאָלק איז די העברעישע שפראַך הייליג, און דאָס יידישע פאָלק וויל נישט אַנדערש, נאָר אַז די העברעישע שפראַך זאָל זיין בא זיינע קינדער אין מויל.

## וואָס קלערט דאָס פאָלק פון העברעיש?

פרעגט זיך, אָבער, צי איז דאָס טאַקע אַזוי, ווי די העב-רעיסטען זאָגען? צי האַלט טאַקע דאָס פאָלק פון העברעיש אַזוי, ווי די העברעיסטען ווילען איינרעדען אַ וועלט, אפשר זיך אַליין איינרעדען, אַז יידען האָבען אַלעמאָל געגאַרט צו פאַרביטען זייער פאָלקס-שפראַך אויף העברעיש?

ניין, קיינמאָל ניט! אָט דאָ ליגט אַ גרויסער טעות, אָדער גאָר אַ דריי מיט'ן גראָבען פינגער, וואָס וויל מאַכען פון שוואַרץ ווייס, פון וואָכעדיק—הייליג. יידען האָבען תמיד געהאַלטען און האַלטען איצט אויך פאַר הייליג לשון-קודש, אָבער ניט העברעיש. ניט די שפּראַך פאַר-זיך איז באַ זיי הייליג, ניט די ווערטער נאָר דער תנ"ך, דאָס, וואָס ס'שטייט אויף דער שפּראַך. איז אויף דער שפּראַך געשריבען, די תורה, הייליגע ספרים, —איז דאָס באַ יידען לשון-קודש, הייליג. הייליג איז באַ יידען תרגום, גמרא; הייליג איז זהר, וואָס איז געשריבען אויף אַ האַלב-תרגום-לשון און גאָרניט אויף ריין-העברעיש. פאַרקערט, איז אויף דער שפּראַך ניט קיין הייליגע זאַכען, נאָר וואָכעדי-קע, מעג עס זיין אויף דער פיינסטער העברעישער מליצה, איז דאָ באַ יידען קיין שום הייליקייט ניט פאַראַן, איז דאָס וואָכע-דיק גאָר און גאָר, אַזוי ווי ס'וואָלט געשריבען-געווען אויף יע-דער אַנדער שפּראַך. יהודה-הלוי'ס „ציון הלא תשאלי" איז אריין אין די קינות. באַ יידען איז דאָס הייליג, אָבער דעמזעלבען יהודה-הלוי'ס ים-לידער זענען וואָכעדיק. יידען ווייסען אפילו ניט פון זיי. ווער שמועסט שוין פון היינטיקע העברעיסטישע מעטאָדעס, פון היינטמאָדישע מעשיות און לידלעך פון אַ קע-צעלע מיט אַ הינטעלע, פון אַ דריידעל מיט אַ גרעגער אויף העברעיש, וואָס העברעיסטען ווילען מיט דעם שטאָפּען יידישע קינדער,—דאָס איז נעבען הייליג אפילו ניט געשטאַנען. נאָכמער: אַזוינע מעשה'לעך און לידעלעך זענען באַ פשוט'ע יידען אַ חלול-הקודש! דאָס הייסט באַ זיי ניט דערהויבען, נאָר פאַרשוועכען די הייליגע שפּראַך. הקצור, יידען האַלטען פון לשון-קודש, אָבער ניט פון העברעיש. און לשון-קודש איז באַ זיי תורה, ניט קיין בבא-מעשיות און לידעלעך. יידען-לומדים און חסידים, האָבען קיינמאָל ניט געהאַלטען פון קיין פוסטער מליצה. זיי האָבען געשריבען אַ בריוועל אויף לשון-קודש, אָבער אָהן קונצען. אַזוי ווי זיי האָבען געקענט, פאַר-

בראָקט מיט ייִדישע ווערטער און ייִדישע אויסדריקען. דקדוק און „טהרת-הלשון״ איז זיי וויי־ניק-וואָס אָנגעגאַנגען. קיין שפּראַך פאַר-זיך, קיין מעטאָדעס האָבען זיי קיינמאָל נישט געלערענט.

און פונקט פאַרקערט איז באַ די נײַמאָדישע העברעיִסטען: תורה און ספרים גייט זיי ווייניק אָן, דער עיקר איז די שפּראַך און דקדוק, די בבא-מעשיות און לידלעך—דערוויף זענען זיי דאָך הײַנטוועלטיקע מענטשען און נישט קיין „בטלנים״. און דאָ מוז אויפגעדעקט-ווערען פאַר דער גאַנצער וועלט אַנ׳עולה, וואָס ווערט באַגאַנגען קייגען ייִדען. אַ סך העברעיִסטען, דערהויפּט פון דעם מין אַגיטאַטאָרס, קנאַקערס, ווען זיי קומען צום פאָלק, צום פּשוט׳ן ייִדען, ווילען זיי אים איינרעדען, אַז די „ייִדישיִסטען״ זענען עוכרי-ישראל, זיי ווילען נישט הערען פון תורה און מצוות, זיי פירען, רחמנא לצלן, ייִדישע קינדער צו שמד. אַקייגען, אָבער, זענען זיי, די העב-רעיִסטען, „אמת׳ע ייִדען״,—טאַקע וואָס ייִדען הייסט, אַ סימן האָט איר: זיי האַלטען אַזוי פון לשון-קודש, דאָס הייסט, פון תורה. מוז דאָ געזאָגט ווערען, אַז די מעשה איז גאָרנישט אַזוי. הײַנ-טיקע העברעיִסטען, אָט די דקדוק-און מליצה-ייִדען, האַלטען אַזויפיל פון תורה, וויפעל די ייִדישיִסטען האַלטען. נישט די תורה לערענט מען באַ העברעיִסטען נאָר די שפּראַך. נישט חומש מיט רש״י לערנען זיי מיט׳ן קינד, נאָר „ספורי המקרא״, דאָס הייסט, אַ קצור פון חומש. בלויז די „מעשיות״ פונ׳ם חומש, וואָס לייגען-זיך דעם קינד אויפ׳ן שכל, אַזויווי טויזענט אַנדערע מעשיות, וואָס מ׳דערציילט דעם קינד, פון וואָס איר ווילט, און וואָס האָבען צו חומש און ייִדישקייט קיין שום שייכות נישט. דאָס איז סתם-מעשה׳לעך באַ זיי, וואָכעדיקע, שיינע מעשה׳לעך, נישט דער הייליגער חומש, נישט דער גאָטספּאָרכטיקער גײַסט, וואָס האָט געהערשט אין חדר, וואָס ייִדען זעען אים אין חומש. אין דעם העברעיִסטישען קדשי-קדשים, אין דער העברעיִשער גימנאַזיע אין יאַפע, לערענט מען תנ״ך מיט ביבעל-קריטיק

אַזױיוי געלערענטע, מײַסטענס קריסטלעכע, טײַטשען-אויס דעם תנ״ך, דאָס הײסט, לויט ייִדישע השגות, אַפּיקורס׳יש אויפ׳ן העכס־טען גראַד. אַזוי ווײַט איז מען פאַרגלײבט אין די ביבעל-קריטי־קער, אַז ס׳האָט שוין פאַרדראָסען אַפילו אײנעם פון זײערע, דעם בעסטען און ערלעכסטען פון די העברעיסטען, דעם שרײבער אחד-העמ׳ען, און ער האָט געזאָגט, אַז אַזוי לערנען מיט ייִדי־שע קינדער תנ״ך, ווי מ׳לערענט אין דער העברעיִסטישער גימ־נאַזיע אין יאַפּע (אין ארץ-ישראל), איז אַ חוזק. הקצור, די העב־רעיִסטען און זײערע לערער זענען פּונקט דיזעלבע הײנטוועלטיקע מענטשען ד. ה. אפּיקורסים, אַזױיוי די ייִדישיִסטען. ניִשט די תּורה, ניִשט פרומקײט זענען זײ אויסען; ניִשט מדריך-זײַן דאָס קינד אין פרום-ייִדישלעכען גײַסט ווילען זײ,—נאָר אדרבא, זײ ווילען אויפקלערען דאָס ייִדישע קינד. זײ ווילען מאַכען פון דעם ייִדישען קינד אַ הײַנטוועלטיקען מענטש. אין טאַקע מהאי־טעמא הײבען זײ אָן פון אַנדערע זאַכען, פון מעטאָדעס מיט מעשיות און לידלעך וועגען קעצעלעך און הינטעלעך, וועגען פעלד און וואַלד, וועגען וואָס איר ווילט, און דערנאָך ערשט קומט מען צו דעם „ספּורי-המקרא״, צו די מעשיות פון הומש: דאָס איז דאָך אויף העברעיִשע שפּראַך! דער חילוק פון העב־רעיִסטען ביז ייִדישיִסטען איז נאָר דער, וואָס זײ, די העברעיִס־טען, ווילען ניִשט אַנדערש, נאָר אָט די מעשיות און לידלעך זאָ־לען געלערענט ווערען אויף העברעיִש. אַז ייִדישיִסטען טוען עס, קרומט מען זיך און מ׳זאָגט: מיט וואָס פאַרברענגען ייִדי־שע קינדער! נאָר וויבאַלט דאָס אײגענע אויף העברעיִש—איז שוין רעכט, דאָס איז שוין ייִדישלעך און תּכלית! דער חילוק איז, וואָס אויף ייִדיש פאַרשטײט כאָטש דאָס ייִדישע קינד אין ס׳ווערט כאָטש אַ הײַנטוועלטיקער מענטש, און אויף העברעיִש, איז ניִשט דאָס, ניִשט יענץ, ניִשט קײן פרומער ייִד, ניִשט קײן הײַנטוועלטיקער מענטש אויך, ווארום אויף אַ פרעמדער שפּראַך קאָן מען אויסלערנען אַ קינד אַ פּאָר הונדערט ווערטער, ניִשט

אָבער, געבּען דעם קינד אַ וועלט צו זען. ייִדען, אָבער, וויל מען אייַנרעדען, אַז מיט העברעיִש איז מען א יסען ייִדישקייַט און תּורה! אָבער יעדער ייִד, וואָס איז ניִשט געגאַרט באַ זיך, ועט שוין דערפון אַרויסזען, אַז ווען העברעיִסטען רעדען פון העברעיִש—איז עס כּלל ניִשט דאָס, וואָס ייִדען מייַנען מיט לשון-קודש.

און ווייַל ייִדען האַלטען פון לשון-קודש, פון תּורה און פון הייליגע ספרים, ניִשט פון דער שפּראַך סתם, ניִשט פון דעם הייַנטמאָדישען העברעיִש, דעריִבער האָבּען זייַ גאָר קיינמאָל ניִשט בדעה-געהאַט אָנצוהייבען ווידער צו רעדען אויף העברעיִש, דאָס הייסט, צו מאַכען פון דער הייליגער שפּראַך אַ וואָכעדיקע. אדרבא! ייִדען האָבען אויסגעצייַכענט פאַרשטאַנען, אַז דער עיקר איז דער תּוך, ניִשט די ווערטער, „שמע—בכל לשון שאתה שומע“, שטייט באַ אונדז, באַ ייִדען איז דער תּרגום, דאָס הייסט אַנ'אי-בערזעצונג פון דער תּורה אויף דער שפּראַך, וואָס ייִדען האָבען דאַמאָלס פאַרשטאַנען, אויך הייליג, און מ'איז מעביר די סדרה שנים מקרא ואחד תּרגום. ייִדען האָבען תּמיד איבערגעזעצט די תּורה אויף דער שפּראַך, וואָס זייַ האָבען גערעט, אויף ייִדיִש אויך, רבנים און לומדים האָבען מחבּר-געווען מוסר-ספרים אויף ייִדיִש. הקצור, ייִדען האָבען געטאָן אַלץ, כּדי אַרייַנצוטראָגען וואָס מער ייִדישקייַט און הייליקייַט אין דער ייִדיִשער שפּראַך אַרייַן, אין זייער געוויינלעכען לעבענס-שטייגער, ניִשט פאַרקערט, ניִשט וואָכעדיק צו מאַכען די הייליגע שפּראַך, לשון-קודש, ניִשט רעדען, האַנדלען און וואַנדלען, אַ וועלט אויספירען אויף לשון-קודש. ייִדען האָבען זיך געווערטעלט אין גוטען מוט אויף „ירושלמי'ס“, פרענקען, וואָס רעדען עפּעס אַ מאָדנע לשון-קודש, געגעבען זיי אַ נדבה, אָבער קיינמאָל האָבען ייִדען זיי ניִשט מקנא-געווען, ניִשט געגאַרט, אַז זייערע אייגענע קינדער זאָלען רעדען לשון-קודש: צי איז מען דען מיט תּורה און מיט ייִדיִש אַ שלעכטער ייִד? אַוי קלערען באמת ייִדען, און דעריִבער האָט

באַ זיי אין די אויגען דער גאַנצער העברעיסטישער אָנשטעל אַ פּנים פון חוזק. העברעיש אַלס אַ שפּראַך פאַר-זיך, מליצה און דקדוק איז אַלעמאָל געווען באַ אונדז אַ זאַך פון משכּילים, פון אויפגעקלערטע, פון האַלבע, אָדער גאַנצע אַפּיקורסים. אַז דער כּוח פון דער תּורה האָט זיך שוין באַ זיי געפעלט, אַז מ׳האָט שוין אויפגעהערט צו לעבען, ווי יידען לעבען: צו טראַכטען און פּילען, ווי יידען, אַז מ׳האָט שוין געדעט אויף אַ פרעמדער שפּראַך, אויף רוסיש אָדער אויף פּויליש. אַז מ׳איז שוין געלעגען טיף, טיף אין אַ פרעמדער, אין אַ גוישער וועלט און מ׳האָט זיך שוין גאָר און גאָר אָפּגעטרייסעלט פון יידישקייט. דאַמאָלס האָבען משכּילים גענומען הייבען אויף דרוקעס העברעיש, דאָס הייסט די שפּראַך פאַר-זיך, היינטוועלטיקע ביכער, וויסענשאַפט און ליבע-מעשיות, חקירה און שירים. העברעיש האָט געזאָלט זיין דער שארית-הפּלטה, וואָס האָט באַדאַרפט דערהאַלטען באַ יידישקייט דעם צווייטען דור, די משכּילים׳ס קינדער, וואָס זיי, די קינדער, זענען שוין גאָר ווייט אַוועק פון יידען און פון יידישקייט. דאָס האָט געזאָלט זיין אַ שטיק יחוס-בריף פאַר דער וועלט: זעט, מיר האָבען אויך אַ שפּראַך און היינטוועלטיקע ביכער, אַזוי ווי איר האָט. מיר זענען נישט קיין נעכטיקע. נאָר זיי, די משכּילים, זענען אויך נישט געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז אויף העברעיש זאָל מען לערנען אין שולען, אָדער יידען זאָלען גאָר רעדען אויף העברעיש. זיי האָבען געוואָלט, ווי מיר האָבען שוין פריער געזען, פּטור-ווערען פון יידיש, כּדי אָנשטאָט יידיש זאָל קומען די לאַנד-שפּראַך, רוסיש אָדער פּויליש. פאַר דער וועלט, פאַר דער גאַס—די לאַנד-שפּראַך לערנען, רעדען, אַרבעטען און טון—אויף דער לאַנדשפּראַך, פאַר-זיך, אין דערהיים—אַ העברעיש ביכעל. מער האָבען זיי נישט גע׳חלומ׳ט אַפילו. וואָרום יעדענפאַלס האָבען זיי געהאַט אַ קלאָרען פאַרשטאַנד, אַז העברעיש איינפירען אלס א לעבעדיקע שפּראַך איז אוממעגלעך.

## צִי מיִינען טאַקע די העברעיִסטען, אַז העברעיִש וועט ווערען אין „גלות" אַ לעבעדיִקע שפּראַך?

וויִסען עס די העברעיִסטען אויך זייער וואויל. זיי גלייבען אויך ניִשט, אַז העברעיִש וועט ווערען די לעבעדיִקע שפּראַך באַ יִדען, אָנשטאָט יִדיִש; און זיי קאָנען גאָרניִשט גלייבען אין אַזאַ חלום. העברעיִסטען זענען דאָך ציוניִסטען. און ציוניִסטען דרש'ענען דאָך אַלע יאָרען, אַז דאָ, אין „גלות", מוזען יִדען אומקומען, ס'העלפט ניִשט! הימעל און ערד זאָלען קומען, מוזען זיך יִדען אַסימיִליִרען, דאָס הייסט, זיי מוזען זיך איסמיִשען מיִט די אַרומיִקע פעלקער, ווערען אויס יִדען. און טאַקע מהאי-טעמא, זאָגען זיי, אויב יִדען ווילען בלייבען יִדען, מוזען זיי אַנטלויפען קיין ארץ-ישראל, און מאַכען דאָרט אַן איינענע מלוכה מיִט לייטען גלייך. פרעגט זיך, איינס פון די ביידע: אויב יִדען מוזען זיך אין גלות אַסימיִליִרען; ס'וועט ניִשט העלפען ניִשט דאָ יִדיִשע שפּראַך, וואָס באַהעפט זיי איינעם אַלס אַ פאָלק טויזענט יאָר, ניִשט דאָס יִדיִשע אַרט לעבען, מנהגים וכדומה, היינט וויאַזוי זשע ווילען זיי דערהאַלטען לשון-קודש? און ניִשט נאָר דערהאַלטען לשון־קודש, ווי ביז אַהער, נאָר נאָך־מער: מאַכען פון העברעיִש אַ לעבעדיִקע שפּראַך, וואָס טויזענטער יאָרען זענען מיר שוין פון דעם אָפּגעריִסען? אָדער אויב, ווי־דער יִדען זענען שטאַרק באַ זיך און אַזוי גרויס אַלס אַ פאָלק, אַז זיי ווילען דאָ, אין ביטערען „גלות", טאַקע מאַכען פון העב-רעיִש אַ לעבעדיִקע שפּראַך, יִדען ווילען רעדען און שרייבען אויף העברעיִש, טראַכטען און לערנען, האַנדלען און וואַנדלען אויף העברעיִש, הקצור, יִדען ווילען ווערען לשון-קודש-יִדען, כשנים קדמוניות, אַזוי ווי באַם בית-ראשון צו שלמה־המלכ'ס צייטען, איז דאָך גאָר דער „גלות" קיין גלות ניִשט, ווילען זיך דאָך יִדען ניִשט אַסימיִליִרען. וואָרום וואָס איז אַזוינס אַסי-

מיליאַציע, אויב ניש קודם־כל דאָס, וואָס מ׳נעמט איבער אַ פרעמדע שפּראַך? איז צו וואָס דאַרפן ייִדען ציון, אַז דאָס בעס-טע און דאָס שענסטע, וואָס זיי וועלען דאָרט דערלאַנגען, לויט דער ציוניסטישער דעה, די העברעיִשע שפּראַך, קאָנען זיי דער-לאַנגען דאָ, אין „גלות״?

וואָלט דאָס טאַקע געווען אַ האַרב שטיקעל מהרש״א, נישט אַרויסצעקריכען, ווען די צי. ניסטען און העברעיסטען זאָלען דאָס טאַקע מיינען ערנסט מיט העברעיש, ווען זיי זאָלען טאַקע באמת גלייבען, ווי איינציגע היץ-קעפּ זייערע ווילען איינרעדען, אַז העב-רעיש וועט ווערען דאָ, אין „גלות״, די לעבעדיקע שפּראַך בײַ ייִדען אָנשטאָט ייִדיש. וואָס-זשע טוט גאָט? גלייבען זיי טאַ-קע אין דער גאַנצער מעשה נישט, אַ חוץ אַ פּאָר צענדליק היץ-קעפּ און שטערען-קוקער. און אויב זיי האַלטען דאָך שטאָל און אייזען פון העברעיש און ווילען דוקא, אַז ייִדישע קינדער זאָ-לען אויסגעריסען-ווערען זאין די פאָלקסשולען אויף העברעיש,— איז מיינען זיי דערמיט נישט דעם וויסטיגען „גלות״ נאָר ארץ-ישראל. מ׳וויל דערלעבען נחת לאחרית-הימים אין ארץ-ישראל, דאַרף מען שוין איצט צוגרייטען ייִדישע קינדער דאָ, אין „גלות״, אויסבאַקען פאַרטיגע ארץ-ישראל-ייִדעלעך. נישט פאַר ייִדישע קינדער זאָרגען זיי, נישט דאָס קינד האָט מען דאָ אין זינען, אַז דאָס זאָל זיך עפּעס אויסלערנען, ווערען אַ מענטש, נאָר דאָס הייליגע לאַנד. מ׳דאַרף ברענגען פאַר אַ קרבן ייִדישע קינדער דאָ, אין „גלות״, צוליב דעם חלום פון דעם הייליגען לאַנד. צוליב דעם חלום פון אַנ׳אַלט-ניי העברעיש פאָלק, וואָס זאָל אַמאָל אויפ־געריכט ווערען אין ארץ-ישראל! און דעריבער דאַרף מען רודפ׳ן די ייִדישע פאָלקסשפּראַך, וואָרום זי דערלענגערט דעם „גלות״, זי האַלט צונויף ייִדען אינאיינעם אַלס אַ פאָלק, זי באַ-וויזט, אַז ייִדען האָבען נאָך כּוח צו באַשטיין אַקעגען אַסימי-לאַציע, קעגען פאַר׳גוי׳שען זיך. ייִדען זענען, אָבער, נישט קיין

חולה-מכוכן, און ממילא דאַרפען זיי ניִשט אָנקומען צו קיין זויער-שטאָף-קיִשעלער פון ארץ-ישראל און פון אַנ׳אויסגעקלערטען נייַ-העברעיִש. אמת, אָנשטאָט ייִדיִש,—אויב ס׳זאָל באמת טרעפען „אַ גליק", אַז ס׳זאָל בטל-ווערען באַ ייִדען,—וועט קומען דאָ, איִן „גלות", די לאַנדשפראַך: רוסיִש, פויליִש, ניִשט קיין העברעיִש. זאָל זייַן די לאַנדשפראַך, אַזוי מוז דאָך זייַן, טענה׳ן די ציוניִסטען, אַז אַזוי וועט זייַן. אָבער דאָס איִז נאָך בעסער: אַז ס׳וועט ווערען אויס ייִדיִש, וועלען ייִדען לכל-הפחות וויסען, אַז זיי דאַרפען קענען העברעיִש, און אַז קיין אַנדער וועג האָבען זיי ניִשט, סיידען ארץ-ישראל. און דערווייַל? דערווייַל זאָלען זיִך ייִדען אַסימיליִרען, זאָלען זיי אָנווערען דעם באַהעפט, וואָס זיי האָבען איִצט,—די ייִדיִשע שפראַך; זאָלען ייִדיִשע קיִנדער זייַן טויב און שטום, מענטשען אָהן אַ שפראַך,—ניִשט וויסען, וואָס פון אַ וועלט צו זאָגען. אומשטיינס געזאָגט, וואָס ייִדען קאָנען זיִך שוין דערלעבען איִן „גלות" מיִט ייִדיִש; וואָס זיי האָבען שוין דאָ וואָס אָנצוּווערען! אָט דאָס איִז דער לעצטער פועל-יוצא פון דעם העברעיִזם, הגם ניִשט תמיד זאָגט מען עס אַזוי אָפען און קלאָר! ווי ווייט ייִדען טראַכטען אַזוי באמת און וויִלען עס, קאָן שוין יעדערער פאַרשטייִן, ווער ס׳איִז נאָר ניִשט פאַרבלענט. דער קורצער כך-הכל איִז אַזוי: העברעיִש קאָן ניִשט ווערען איִן „גלות" און וועט ניִשט ווערען קיין לעבעדיקע שפראַך, אָנשטאָט ייִדיש. וועלען מיִר זיִך האַלטען באַ דער העברעיִסטיִשער שיטה, וועלען מיִר ניִשט קיין העברעיִש, ניִשט קיין ייִדיִש ניִשט האָבען. אונדז וועט אייַנשליִנגען די פרעמדע שפראַך: רוסיִש, פויליִש וכדומה. דאָס הייסט, אַז ייִדען וועלען זיִך אַסימיִליִרען. דער פאַנאַטיִזם פון די העברעיִסטען, פון אָט די כפול-שמונה׳דיִקע נאַציאָנאַליִסטען, פיִרט צו אַסיִמיִליאַציע: ייִדען זאָלען ווערען אויס ייִדען.

## צי דאַרף מען לערנען יידיש?

שטעלען מיר זיך אַזאַ פראַגע: מ׳דאַרף איבערגעבען אַלע למודים אויף יידיש, דער גאַנצער שול-שטייגער, לערער מיט קינדער, קינדער צווישען זיך, דאַרף זיין אויף יידיש. נו, און וואָס איז מיט יידיש—מיט דער שפראַך גופא? צי דאַרף מען יידיש אַלס שפראַך פאַר-זיך לערנען אין דער שול? דער שכל-הישר זאָגט דערויף: אודאי יאָ! ווי דען אַנ-דערש? ווייל מען נוצען די שפראַך אין אַזויפיל פאַלען, ווייל מען, אַז זי זאָל אונדז אַזויפיל דינען אין אינדזער בילדונג און אין לעבען, מוז מען טאַקע די שפראַך גופא ערנסט לערנען—מיט קינדער אין די שולען, מיט עלטערע אויף אָווענט-קורסען וכדומה. קאָן דען אַ בעל-מלאכה רעכט קענען זיין מלאכה און רעכט טין אַ שטיקעל אַרבעט, אַז ער קען נישט זיין געצייג, אַז ער קען נישט, אָדער האַלט נישט ריין, נישט אָנגעשאַרפט זיין הובעל, זיין האַק, זיין שלייפמעסער? און יידיש איז דאָך אַ געצייג, אַ גייסטיק געצייג, וואָס דורך דעם קומען מיר אַ וועלט צו זען. קאָן מען דען קוקען אויף דער וועלט דורך פאַרשטויב-טע, פאַרשמוציגטע פענצטער?

אַזוי זאָגט דער שכל-הישר. אָבער העברעיסטען זענען דאָך נישט מחויב צו גיין מיט׳ן גלייכען וועג, לייקענט מען, ווי דער שטייגער איז: יידיש? גאָר! ווער קען נישט יידיש? אַ יידענע אין מאַרק קאָן דאָך דאָס אויך,—וואָס איז דאָ פאַראַן וואָס צו לערנען? און ווען האָט מען עס באַ יידען געלערענט יידיש?

איז תחלת לייגט-זיך דאָס עפעס אויפ׳ן שכל: טאַקע באמת, ווער קען נישט קיין יידיש? דער גאַנצער כח פון יידיש שטעקט דאָך, אייגענטלעך, אין דעם, וואָס מ׳קען עס. דאַרף מען, הייסט עס באַווייזען, אַז יידיש דאַרף מען יאָ לערנען. נאָר פריער אַ פאָר ווערטער וועגען דער שאלה פון די העברעיסטען: ווען האָט מען עס באַ יידען געלערענט יידיש? דערויף קאָן מען

ענטפערען: נו, און ווען האָט מען עס בײַ יידען געלערענט העברעיש? יידען האָבען בכלל אין חדרים, אין ישיבות קיין שפּראַכען נישט געלערענט, יידען האָבען געלערענט חומש, גמרא, וויניקער שוין נביאים וכתובים, נאָר נישט קיין העברעיש אַלס אַ שפּראַך פאַר-זיך. דקדוק מיט מליצה, מיט מעטאָדעס, דאָס האָט מען נישט געלערענט. יידען האָבען בכלל פון שפּראַכען קיין וועזען נישט געמאַכט, וואָרום תורה איז געווען וויכטיקער אין העכער איבער אַלץ, ממילא האָט מען זיך נישט אָפּגעגעבען ספּעציעל מיט יידיש. פונדעסטוועגען דאַרף מען זאָגען, אַז עפּעס האָט מען יאָ געלערענט. מ'האָט, למשל, אין די חדרים אָפּט געלערענט קינדער שרײַבען יידיש, מ'פלעגט געבען אַנ'אַפּיר (אַ שורה-גריז) נאָכשרײַבען, ס'פלעגען אַרײַנגיין אַהיים שרײַבערס, וואָס פלעגען לערנען יידיש, דערהויפּט מיידלעך. הייסט עס, אַז לערנען יידיש, לייענען און שרײַבען, איז אפילו אַלטמאָדישע יידען נישט גאָר פו'עמד, דערהויפּט, אין בעל-הבית'שען גראַד.

איצט וועגען דער טענה: ווער קען נישט קיין יידיש, און וואָס איז דאָ פאַראַן צו לערנען? אויב מ'זאָל גיין מיט די דרכים איז דאָך אַ קשיה, צו וואָס לערנען רוסען אין זייערע שולען רוסיש, פּאָליאַקען לערנען—פּויליש און דעסגלײַכען? וואָס פאַר אַ רוס קען דאָס קיין רוסיש נישט; וואָס פאַר אַ פּאָליאַק קען קיין פּויליש נישט? פונדעסטוועגען לערנען זיי יאָ זייער שפּראַך. איז דען אַ וועלט משוגע? נאָר אַ וועלט איז טאַקע נישט משוגע, און אַנ'אייגענע שפּראַך דאַרף מען טאַקע פּאָרט לערנען, כאָטש מ'קען זי. וואָרום קענען צו קענען איז נישט גלײַך! שפּראַך צו שפּראַך איז נישט גלײַך. ס'איז פאַראַן אַ שפּראַך פון אַ פּשוט'ען, נישט געלערענטען מענטשען, און אַ שפּראַך פון אַ געבילדעטען מאַן; ס'איז פאַראַן אַ מאַרקשפּראַך און ס'איז פאַראַן ביכערשפּראַך. מ'זאָגט בײַ אונדז אויף איינעם, וואָס רעדט שיין: „פּערל שיטען זיך אים פון מויל", הייסט עס, אַז אין פאָלק פאַרשטייט מען, וואָס הייסט קענען שפּראַך, און אַז נישט-

אַלץ קענען. און ווילען מיר, אַז אַ מענטש זאָל באמת קענען זיין שפראַך, דאַרף מען זי מיט איס לערנען, ער זאָל וויסען אַ ריפּקייט און איר שיינקייט, איר כוח און ברייטקייט. אַ הו-בעל באַ אַ געניטען בעל־מלאכה אין דער האַנט, וואָס קען רעכט די מלאכה און זיין שטיקעל געצייג, איז נישט דאָסועלבע, וואָס אַ הובעל באַ אַ לערען-יינגעל, אָדער גאָר אַן אומגעניטען מענט-שען אין דער האַנט, אַז מיר לייענען אַ בוך פון אַ יידישען שריי-בער, פון אַ מענדעלע מוכר-ספרים, אָדער אַ שלום-עליכם, וואָס יעדער ייד קאָן איס, פילען מיר עפּעס אַ מאָדנע זאַך: דאַכט-זיך אונדזער שפראַך, אָט דאָס, וואָס מיר רעדען תמיד, און דאָך עפּעס אַן אַנדער שפּראַך. יענער איז אַ שרייבער, אַ טאַלאַנט, אַ גאָטס גאָב, וויסט ער דעם סוד פון דער שפראַך, און מיר געוויינלעכע מענטשען דאַרפען זיך לערנען דאָס, וואָס איס קומט פון טאַלאַנט. וואָרום באמת האַלטען מיר שטענדיק אין איין לערנען די שפראַך, מיר באַמערקען עס אפילו נישט. עלטע-רע לערנען קינדער, ווייזען זיי, אַז אַזאַ וואָרט פּאַסט נישט צו זאָגען, אין אַזאַ געזעלשאַפט דאַרף מען אַזוי רעדען. עלטערע לערנען זיך אויך איינס פון דעם אַנדערען. זיי כאַפּען אַ וואָרט, אַן אויסדרוק, אַ ווערטעל, מ'נאַשט פון אַ בוך,—פאַרוואָס זאָל אַ שפראַך זיין ערגער פאַר אַ שיך? און ווען היינטיקע צייטען פאַרשטייט שוין יעדער, אַז מ'דאַרף גיין אַ גאַנצען שיך, און אַ ריינעם שוך, פאַרוואָס זאָלען מיר אומגיין מיט אַן'אומריין מויל און שלעכט רעדען, בעת מ'קאָן דערלאַנגען שיינן רעדען, שיין שרייבען? און ווי זאָל מען דאָס אויספירען, ווען מ'לערענט זיך נישט און מ'וואָנט, צו מ'קען שוין? און ווידער נאָך אַ זאַך: דער שכל, דער פאַרשטאַנד, האָט אויסגעשליפט און שלייפט ווייטער די שפראַך; וואָס דער מענטש איז קליגער, געבילדעטער, אַלץ רייכער און שענער איז זיין שפראַך, און דאָס איינגענע פאַרקערט: די שפראַך שלייפט אונדזער שכל, אונדזער געפיל, דורך דער שפראַך קומען מיר צו באַנעמען אַ וועלט מיט איר.

גראָטעסקייט און שיינקייט. אַ קינד, אַז ס'דערגייט אַ ניי וואָרט טאַ-
קע אין זיין גוט-באַקאַנטער שפּראַך, אַ נייע ווענדונג, דערגייט
עס ניט סתם אַ וואָרט, נאָר אַ נייעם געדאַנק, עפּעס אַ פיינעם
קנייטש: עס דערזעט עפּעס אַ נייעס פּאַר-זיך, און ס'קומט עס
עפּעס צו אויף לעבען-לאַנג. מ'דאַרף לערנען די שפּראַך און
מ'דאַרף לערנען די ליטעראַטור פון אַ שפּראַך; דאָס, וואָס
מ'האָט געשריבען און געדרוקט בּיכער אויף אַ שפּראַך. און אויף
ייִדיש איז דאָך אויך עפּעס געשריבען־געוואָרען, ניט צו פאַר-
זינדיגען.

קומט מען לסוף אַרויס מיט דעם אמת'ן מיין: אַלע שפּראַ-
כען—יאָ, דאַרף מען טאַקע לערנען, דאָרט איז דאָ וואָס צו לער-
נען, אָבער ייִדיש איז נישטאָ וואָס! די אַלטע טענה, וואָס מיר
האָבען שוין פריער זי געהערט: ייִדיש איז קיין שפּראַך ניט,
ס'איז „אַ זשאַרגאָן" אַ „פאַרדאָרבען דייטש", אַ סימן,—ייִדיש האָט
קיין גראַמאַטיק (דקדוק) ניט. וועגען דעם, צי איז ייִדיש „אַ
זשאַרגאָן", אַ „פאַרדאָרבען דייטש", האָבען מיר שוין פריער גע-
רעט און ס'לוינט ניט איבערצו'חזר'ען. די טענה איז אַ בלבול
אָדער עם-הארצות. דאָס אייגענע אויך די טענה, אַז די ייִדישע
שפּראַך האָט קיין גראַמאַטיק ניט. ראשית, זענען שוין אַוועק
די צייטען, ווען אין אַ שפּראַך, דערהויפּט נאָך אין אַ מוטערשפּראַך,
האָט מען געזען דעם עיקר-למוד די גראַמאַטיק. היינט איז דאָס
בכלל די לעצטע דאגה, ווער שמועסט נאָך אין אַ פאָלקסשול,
וואָס מ'לערענט דאָרט אַלץ פּראַקטיש, און טעאָריעס גייען בכלל
ניט אָן. שנית, איז די גאַנצע מעשה, אַז ייִדיש האָט קיין גראַ-
מאַטיק ניט, אַ ווילדע נאַרישקייט. דאָס איז דאָס אייגענע, ווי
מ'זאָל זאָגען, אַז אַ ייִד האָט קיין האַרץ ניט, קיין מאַרך ניט,
קיין חוט-השדרה ניט, ווייל ס'איז ניט פאַראַן קיין אַנאַטאָמיע
אויף ייִדיש. קיין בוך וועגען אַנאַטאָמיע, קיין בוך וועגען דעם,
ווי איז געבויט דעם מענטשענס גוף, איז ניט פאַראַן אויף ייִ-
דיש, אָבער אַ ייִד האָט אַלע אברים גלייך מיט אַנדערע. וואָרום

ניִשט דעם מענטשענס קערפּער שטעלט-זיִך צונויִף לויט דער אַנאַטאָמיע, נאָר פאַרקערט דיִ געשריִבענע אַנאַטאָמיע איִז אַ ביִלד, אַ פאָטאָגראַפיע פון דעם מענטשענס קערפּער. אַנאַטאָמיע טוט ניִשט אויף קיין שום נייַעס, זיִ קוקט-זיִך-צו צום מענטשענס גוף און באַשרייַבט געטרייַ, וואָס דאָרט טוט זיִך, וואָס דאָרט איִז באמת פאַראַן. דיִ געשריִבענע אַנאַטאָמיע בייַט זיִך; וואָס מער דיִ וויִסענשאַפט קוקט זיִך צו און שטודיִרט פלייַסיִק דעם גוף, זעט זיִ אַלץ מער, אַלץ בעסער. דער גוף, אָבער, בלייַבט דער-זעלביִקער אַלע צייַטען. דאָס אייגענע אויך אַ שפּראַך און גראַ-מאַטיִק. ניִשט דיִ שפּראַך לערענט זיִך בייַ דער גראַמאַ-טיִק, נאָר פאַרקערט, דיִ גראַמאַטיִק לערענט זיִך בייַ דער שפּראַך. דיִ גראַמאַטיִק באַשרייַבט נאָר דאָס, וואָס זיִ זעט צו בייַ דער שפּראַך, ניִשט מער, פונקט אַזוי ווי דיִ אַנאַטאָמיע באַשרייַבט דעם מענטשענס גוף. אַ געשריִבענע גראַ-מאַטיִק, אַ בוך וועגען גראַמאַטיִק, מעג ניִשט זייַן, און דאָך האָט יעדע שפּראַך איר גראַמאַטיִק. אַזוי ווי ס'מעג ניִשט זייַן קיין בוך וועגען אַנאַטאָמיע, און דערפון וועט ניִשט צוקומען און ניִשט געמיִנערט ווערען קיין אבר איִן אַ מענטשענס גוף, און אַזוי ווי יעדע שפּראַך, דיִ דייַטשיִשע, דיִ רוסיִשע און אַנדערע זענען געווען שפּראַכען אפילו דאַמאָלס, ווען קיין געשריִבענע גראַמאַ-טיִק איִז נאָך ניִשט געווען, דאָס אייגענע אויך מיִט יִידיִש. יִי-דיִש קאָן זייַן אַ שפּראַך און מעג ניִשט האָבען קיין געשריִבענע גראַמאַטיִק, ווייַל ס'האָט זיִך נאָך ניִשט געפונען דער בעלן, וואָס זאָל דיִ שפּראַך שטודיִרען און אַנשרייַבען דיִ כללים, וואָס שטע-קען איִן דער שפּראַך. ציִ זאָלען מיִר זאָגען, אַז איִן דער צייַט פון דיִ נביאים, ווען קיין געשריִבענער דקדוק איִז נאָך ניִשט געווען, האָט העברעיִש קיין גראַמאַטיִק ניִשט געהאַט? ציִ דער-פאַר, וואָס ס'איִז קיין געשריִבענע גראַמאַטיִק ניִשטאָ, רעדען אָדער שרייַבען יִידען אַנ'אַנדער שפּראַך? אַלע רעדען און שרייַבען גלייַך, וואָרום אַנדערש קאָן ניִשט זייַן, וואָרום

דאָס איִז שוין דיִ טבע פון אַ שפּראַך, אַזויוויִ יעדער לעבעדיִק באַשעפעניִש, וואָס האָט זיִך איִרע פעסטע סימנים און כללים. וואָס־זשע קאָן עס באמת באַטייַטען, ווען מ׳זאָגט, אַז ייִדיִש האָט קיין גראַמאַטיִק ניִשט? דאָס קאָן האָבען נאָר איין טייַטש: ייִדיִש פאַרמאָגט נאָך ניִשט קיין ביִכעל, וואָס אויף דעם זאָל שטיין אָנגעשריִבען: „ייִדיִשע גראַמאַטיִק״. אַזוי מיינען טאַקע באמת אַ סך ייִדען. איִז דאָס, אָבער, אויך אַ גריִנטלעכער טעות: ייִדיִש האָט שוין מאמרים און ביִכלעך וועגען ייִדיִשער גראמאַטיִק אַריִבער דרייַהונדערט יאָר. מענטשען פון וויִסענשאַפט, דערהויפּט, דייַטשיִשע געלע־רענטע, שטודיִרען דיִ גאַנצע צייַט דיִ ייִדיִשע שפּראַך און האָ־בען געשריִבען ייִדיִשע גראַמאַטיִק. גאָר דיִ לעצטע צייַט זענען געשריִבען געוואָרען ביִכלעך אויף ייִדיִש: „ייִדיִשע גראַמאַטיִק״. הייסט עס, ייִדיִש איִז שוין כשר לכל הדעות! דיִ ייִדיִשע שפּראַך איִז געוויינלעך פון דעם ניִשט בעסער, ניִשט ערגער געוואָרען, אָבער דיִ לעצטע טענה קעגען ייִדיִש איִז שוין אויך אָפּגעפאַלען. אַזוי וואָלט עס באַדאַרפט זייַן, ווען מ׳זאָל עס באמת מיינען ערנסט מיִט גראַמאַטיִק. דאָס אומגליִק, אָבער, איִז, אַז מ׳האָט עפּעס פיינט, זוכט מען זיִך. וויִ זיִנגט זיִך איִן אַ ייִדיִש ליִדעל פון דער אומגליִקלעכער שנור, וואָס דיִ שוויִגער זוכט אויף איִר שטענדיִק חסרונות:

„גיי איִך פּאַמעלעך,
זאָגט זיִ: איִך קריִך;
גיי איִך גיִך,
זאָגט זי: איִך רייס דיִ שיִך״.

אָבער, לאָמיִר אַראָפּ פון דיִ הויכע היִמלען אויף אונדזער זיִנדיִגער ערד: אויסלערנען אַ פּאָלקסמענטש, ער זאָל קאָנען ליי־ענען אַ ביִכעל און אָנשרייַבען אַ בריִוועל אויף ייִדיִש, דאַרף מען? הייסט עס, אַז מ׳מוז לערנען ייִדיִש איִן דער שול. דיִ העברע־יסטען, אָדער זיי לייקענען עס גאָר, מ׳קומט אָפּ מיִט אַ פּזמון,

וואָס איז דאָ באַראַן צו קענען? אָדער מ'וויל עס אָפּקומען בשהי־פהי: כ'ווייס, לערענט מען דאָרט אַ שעה, אָדער אַ פּאָר שעה אין וואָך „זשאַרגאָן" מיט מיידלעך. אין צווישען יאָ און ניין דערשטיקט מען איינע פון די וויכטיקסטע זאַכען פאַר דעם פאָלקסמענטש, וואָס אָהן דעם קאָן ער זיך נישט באַגיין.

## די יידישע שול אין די מלוכה.

די גאַנצע צייט האָבען מיר דאָ גערעט וועגען דער שפּראַך אין דער שול און אין בילדונג בכלל: צי זאָל עס זיין יידיש, העברעיש אָדער גאָר רוסיש, פּויליש, אַזוי יוי די זאַך זאָל ליגען נאָר באַ אונדז אין די הענט, אין קיינעם, חוץ אונדז, גייט עס כלל נישט אָן. אַזוי טענה'ן טאַקע איינינע העברעיסטען און ווילען מאַכען די יידישלעכע פשרה: זאָלען זיין אויף קהל'ס חשבון העברעיסטישע שולען און יידישע שולען. יעדער טאַטע וועט האָבען אַ ברירה, ווהין און אין וואָס־פאַר־אַ שול צו שיקען זיין קינד. דער אמת, אָבער, איז, אַז די מעשה איז נישט אַזוי. ס'קומט צו אַזאַ לאַגע, ווען ס'גייט יאָ אָן אַנדערע: דער מלוכה און אונדזערע שכנים—אַנדערע פעלקער. זיי ווילען וויסען, אויף וואָס פאַר אַ שפּראַך מיר, יידען, ווען לערנען אונדזערע קינדער אין דער שול. זיי איז נישט אַלץ איינס. פאַרוואָס?

די מעשה איז אַזוי: ראשית די מלוכה. אַמאָליקע צייטען, דערהויפּט, פאַר דער צאַרישער רעגירונג, האָט די מלוכה בכלל וויינינק געהאַלטען פון בילדונג פאַר דעם פאָלק. אין בעסטען פאַל, אַז די מלוכה, דער שטאָטראַט (דומע) האָט געמאַכט שולען, גימנאַזיעס, איז דאָס געווען פאַר די, וואָס האָבען אַליין געגאַרט לערנען זייערע קינדער. קיין צוואַנג, אַז יעדער מוז לערנען זיינע קינדער, איז נישט געווען. אַדעמאָקראַטישע מלוכה קוקט, אָבער, אויף דערדאָזיקער זאַך אַנדערש: יעדער בירגער מוז קאָנען לייענען, שרייבען און רעכענען וכדומה. עס־

הארצות פונ'ם פאָלק איז דאָס גרעסטע אומגליק פאַר דער מלוכה. אזא מלוכה בלייבט תמיד הינטערשטעליק אַקעגען אַנדערע. דע־ריבער, איז אין היינטיקע מלוכות איינגעפירט, אַז יעדער בירגער מוז אָפגעבען זיין קינד אין דער פאָלקס־שול, אָדער ער מוז באַווייזען, אַז זיין קינד האָט אין דער־היים, אָדער אין אַ פריוואַטער שול געלערענט, לכל־הפחות, דאָס, וואָס מ'לערענט אין אַ פאָלקסשול; ווען ניט, ווערען דעם קינדס עלטערען, אָדער אַפּוטרופסים, באַשטראָפט לויט דעם גע־זעץ. אָט דאָס הייסט בילדונגס-צוואַנג. אָנהייב-בילדונג איז אַ מוז. אין רוסלאַנד האָט ערב דער מלחמה שוין אויך גע־האַלטען דערביי, אַז אָנהייב-בילדונג זאָל ווערען אַ מוז: עלטע־רען זאָלען שיקען זייערע קינדער אין דער פאָלקסשול, די מניעה איז נאָר געווען, וואָס אין רוסלאַנד איז צו יענער צייט נאָך געווען ווייניק אָנהייב-שולען. האָט מען אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן, וויאַזוי איינצופירען אָנהייב־בילדונג פאַר אַלעמען בהדרגה אין משך פון עטלעכע יאָר. ס'איז קיין שום ספק ניט, אַז דאָס וועט אין רוסלאַנד מקוים-ווערען גאָר די נאָענטסטע יאָרען, ווי נאָר דאָס לאַנד וועט זיך באַרויגען. דאָסזעלבע וועט אויך זיין אין פוילען און אין אַנדערע לענדער. הייסט עס, אַז שוין די נאָענטסטע יאָרען וועלען יידישע קינדער מוזען לערנען זיך אין פאָלקסשולען. איצט פרעגט זיך, אין וואָס פאַר אַ פאָלקס־שולען זאָלען זיך לערנען יידישע קינדער? פאַר רוסישע קינדער וועלען זיין רוסישע שולען, פאַר פוילישע קינ־דער—פוילישע, פאַר אַרמענישע—אַרמענישע און דעסגלייכען. יע־דעס פאָלק וועט האָבען זיינע פאָלקסשולען אויף זיין לשון, און די מלוכה, די שטאָטראַטען, די זעמסטוועס וועלען געבען צושטייער אויף אויסצוהאַלטען די שולען פון אַלע פעלקער לויט דער צאָל קינדער. וווּ-זשע, אין וואָס-פאַר-אַ שולען זאָלען לער־נען יידישע קינדער? אין רוסישע, אין פוילישע, אין טאָטערי־שע? די פשוט'סטע זאַך וואָלט געווען, ווען יידען זאָלען, ווי

אַלע שבעים אומות, האָבּען זײערע אײגענע פאָלקסשולען. ס'איז אויך קײן שום ספק ניט, אַז ייִדען וועלען אין רוסלאַנד מעגען האָבּען זײערע פאָלקסשולען, אויב זײ וועלען נאָר וועלען. אָבּער מעגען אַלײן איז נאָך װײניק: מ'דאַרף נאָך באמת קאָנען האָבען דאָס, וואָס מ'מעג.

כדי, אָבּער, ייִדען זאָלען קאָנען האָבען אײגענע שולען, דאַרף מען האָבען צװײ זאַכען: ראשית, דאַרפען זײערע שולען האָבען אַלע רעכט, װי אַלע אַנדערע; דאָס הײסט, אַז ווער ס'ענדיגט אַ ייִדישע פאָלקסשול, האָט ער דיזעלבע רעכט, װי אַ רוס, ווען ער ענדיגט אַ רוסישע פאָלקסשול, אַ פּאָליאַק — אַ פּוילישע וכדומה. די מלוכה, למשל, האַלט, אַז דער־מיט האָט מען יוצא־געװען דעם חוב פון פאָלקסבילדונג. אויב ניט אַזוי, וועלען ייִדישע עלטערען ניט שיקען זײערע קינדער אין קײן ייִדישע פאָלקסשול, אָדער זײ וועלען נאָך מוזען חוץ דעם האַלטען פאַר זײערע קינדער לערער אין דערהײם. איז ווער־זשע קאָן זיך פאַרגינען אַזאַ הוצאה און אַזויפיל מאַטערען אַ קינד? שנית, דאַרף די מלוכה, די שטאָט־דומע (שטאָטראַט), די זעמסטווע, געבען געלט אויסצוהאַלטען ייִדישע פאָלקסשולען, אַזוי װי זי גיט אויף אויסצוהאַלטען רוסישע, פּוילישע, אוקראַיִנישע שולען וכדומה. וואָרום שטײערען דער מלוכה, דער שטאָט, דער זעמסטווע צאָלען דאָך ייִדען גלײך מיט אַנדערע אומות. הײַנט אויב ייִדען וועלען ניט אַרויסבאַקומען צוריק צושטײער אויף זײערע שולען, פון וואַנען־זשע וועלען זײ נעמען געלט אויסצוהאַלטען זײערע שולען? צאָלען אַ צװײט מאָל ספּעציעל פאַר ייִדישע שולען? ווער־זשע קאָן עס אַזויפיל אויסהאַלטען?

היוצא מזה, אַז כדי ייִדען זאָלען באמת קאָנען האָבען אײגענע פאָלקסשולען, דאַרף מען האָבען, אַז זײערע שולען זאָלען האָבען אַלע רעכט, אַזוי װי רוסישע, פּוילישע שולען וכדומה, און די מלוכה, שטאָט אָדער זעמסטווע זאָלען געבען

צוּשטײַער אוֹיף אוֹיסצוּהאַלטען יִדִישע שוּלען. דאָס איִז, אָבער, שוֹין נִישט געווענדעט אָן אוּנדז, יִדען, אַלײן, וויִאַזוֹי מיִר וועלען עס באַ זיִך פּוֹעל'ען: דאָס איִז שוֹין געווענדט אָן דער מלוּכה אוֹיך. און אַז מיִר וועלען קוּמען צוּ דער מלוּכה, צום שטאָטראַט, צוּ דער זעמסטווע, און מיִר וועלען טענה'ן: גיִט אוּנדזערע שוּלען רעכט און געלט, וועלען זײ זאָגען: זײַער פײַן! יִדען זענען נִישט ערגער פאַר אַנדערע, אָבער קײן מיוּחסים זײַט איִר אוֹיך נִישט, איִר מוּזט אוּנדז זאָגען, אוֹיף וואָס-פאַר-אַ שפּראַך ווערט געלערענט אין אײַערע שוּלען, און וואָס, און וויִאַזוֹי איִר לערענט דאָרט. מיִר וויִלען האָבען אַ קאָנטראָל, אוּנדזער השגחה, אַזוֹ ווי מיִר האָבען די השגחה אוֹיף אַלע שוּלען. וואָרום מלוּכה איִז נִישט אַלץ אײנס, וואָס און ווי-אַזוֹי ס'ווערט געלערענט אין פאָלקסשוּלען, בפרט נאָך אין אַזוי-נע, וואָס האָבען רעכט פון מלוּכה-שלען און באַקוּמען געלט פון מלוּכה. מלוּכה וויִל האָבען, אַז אין אַלע מינים פאָלקסשוּלען זאָל מען זיִך עפּעס אוֹיסלערנען, ס'זאָלען זײַן בּיִר-גער מיִט פאַרשטאַנד, מיִט וויִסען, און הײַנטוועל-טיקע מענטשען. און דאַמאָלס מוּזען מיִר שוֹין זאָגען, קודם-כל, אוֹיף וואָס פאַר אַ שפּראַך ס'וועט געלערענט-ווערען אין יִדִישע שוּלען. יִדִישע שוּלען אוֹיף רוּסיִש, אוֹיף פּוֹילִיש, אוֹיף אַנדערע שפּראַכען—דאָס איִז נִישט קײן יִדִישע שוּלען, דערוֹיף וועט מען אוּנדז זאָגען, דאַרפען יִדען קײן אײגענע שוּלען נִישט האָבען: גיִט-אָפּ אײַערע קינדער אין רוּסיִשע, פּוֹילִישע שוּלען וכדומה, יִדִישע שוּלען אוֹיף העבּרעיִש? דאָס וועט זיִך זיִך קײנער נִישט לאָזען אײַנרעדען, אַז דאָס זענען יִדִישע פאָלקס-שוּלען. וואָרום פאַרוואָס לאָזט מלוּכה בכלל אַרוֹיס פון איִרע הענט די חזקה אוֹיף פאָלקסבּיִלדוּנג? פאַרוואָס גיִט זי עס איִבּער יע-דען פאָלק באַזוּנדער? נִישט פון גוּטען וויִלען טוּט זי עס. מלוּכה וואָלט געוויִס געוואָלט האָבען דעם מאָנאָפּאָל אוֹיף בּיִלדוּנג. נאָר וואָס דען? זי האָט קײן ברירה נִישט, כדי קינדער זאָלען האָ-

בען אַ פעולה אין דער שול, מוז מען אין דער פאָלקסשול לערנען אויף דער מוטערשפּראַך: אין רוסישע שולען —אויף רוסיש, אין פּוילישע אויף פּויליש, אין אוקראַינישע אויף אוקראַיניש און דעסגלייכן. און אויב מוטערשפּראַך—מוז דאָס שוין יעדעס פאָלק טון פאַר-זיך. קיין רוסען קאָנען נישט מאַכען קיין שולען פאַר פּוילישע, אוקראַינישע קינדער וכדומה. און פאַרקערט אויך דאָס אייגענע. דעריבער, מוז מלוכה אַקייגענקומען די גערעכטע טענה פון יעדען פאָלק, וואָס וויל האָבען אין זיינע הענט זיינע אייגענע פאָלקסשולען, ווייל אין די שולען ווערט געלערענט אויף דער מוטערשפּראַך פון די קינדער, דאָס הייסט, אויף דעם פאָלקס-לשון, אָבער צי קאָנען אַזינס טענה׳ן יידען, ווען זיי זאָל איינפאַלען צו לערנען אין זייערע פאָלקסשולען אַלע למודים אויף העברעיש? צי איז העברעיש דאָס מאַמע-לשון באַ יידישע קינדער? צי ווערט באַ יידען גערעט אויף העברעיש? ממילא וועט מלוכה, שטאָטראַט, זעמסטווע נישט וועלען הערען, נישט זען פון אַזוינע העברעישע „פאָלקס-שולען". יידען זענען באַ מלוכה נישט קיין מיוחסים, זי זאָל זיי נאָכגעבען סתם אַ פאַנטאַזיע. העברעישע חדרים-מתוקנים וועט דאָס זיין, נישט קיין פאָלקסשולען, נישט קיין רעכט, נישט קיין געלט, וועט די מלוכה, דער שטאָטראַט דערויף נישט געבען, און ממילא וועלען זיי שוין קיין קיום נישט האָבען, ווייל דאָס וועט נישט אַריינגיין באַ מלוכה אין גדר פאָלקסשול. און כדי נישט באַשטראָפט-צו-ווערען פאַר נישט לערנען אין אַ רעכטער פאָלקסשול, וועלען יידען מוזען אָפּגעבען זייערע קינדער, חוץ אין העברעיסטישע חדרים-מתוקנים, נאָך אין אַנדערע פאָלקסשולען אויך,—אָדער, חוץ דעם, וועלען זיי מוזען דינגען לערער פאַר זייערע קינדער.

נאָר אין גערעכטע טענה קאָנען יידען האָבען צו דער מלוכה, צום שטאָטראַט. דאָס איז אין דעם פאַל, אויב מ׳וועט אין יידישע שולען לערנען אויף דעם מאַ-

מע-לשון פון יִדִישע קינדער, דאָס הייסט, אויף יִדִישׁ. דאַמאָלס קומט זיי דאָס, וואָס ס'קומט יעדען פאָלק, וואָס לערענט אין שולען אויף זיין מוטערשפּראַך: רעכט און געלט. און יִדען וועלען עס טאַקע אויספירען אויך.

מיר און אונדזערע שכנים-פעלקער.

אויב, אָבער, יִדען וועלען נישט וועלען האָבען קיין פאָלקסשולען אויף יִדִישׁ, און קיין העברעיִשע שולען וועלען נישט קאָנען זיין, ווייל זיי וועלען נישט האָבען דעם זכות, נישט קיין געלט, איז וואָס וועט זיין? וועט זיין אַזוי, אַז יִדען וועלען קיין אייגענע שולען גאָרנישט האָבען. אַ טייל יִדען אין דערזעלבער שטאָט וועט לערנען אין רוסישע שולען, אַ טייל אין פּוילישע, אַ טייל אין אוקראַיִנישע,—אין כל המינים שולען אויף שבעים לשונות. אונדזערע קינדער וועלען רעדען אויף אַלע שבעים לשונות און מיר וועלען האָבען אויס-צושטיין צרות און בזיונות פון אונדזערע שכנים-פעלקער, אַלע וועלען זיך מיט אונדז וואַרפען, אַזויווי מ'וואַרפט-זיך מיט אומ-געבעטענע געסט, און אַלע וועלען אונדז רייסען צו זיך. רוסען האָבען דאָך שוין לאַנג חזקה, אַז יִדען דאַרפען זיין רוסען, פּאָ-ליאַקען—שמועסט מען שוין נישט, און נאָכדעם וועט שוין גיין אַ צעטעל אוקראַיִנער, ליטוויִנער, ווייסרוסען און נאָך און נאָך, ווארום יעדעס פאָלק איז פאַרינטערעסירט, וואָס מער שולען צו האָבען אויף זיין שפּראַך, וואָס שטאַרקער און ברייטער צו מאַכען די ממשלה פון זיין בילדונג, פון זיין קולטור. רוסען וועלען האָבען טענות צו יִדען-פּאָליאַקען: פאַרוואָס ציט איר אין רוסלאַנד צו פּוילישע שולען, צו פּוילישער קולטור; אוקראַיִנער —פאַרוואָס ציט איר צו רוסען און אַזוי ווייטער אָהן אַ סוף, אָהן אַ ברעג. און דאָס-דאָזיקע כלומר'שטע רייסעניש פאַר דער נשמה פון דעם יִדִישען קינד, וועט שווער און ביטער אויספאַ-לען דעם קינד: ס'וועט זיין אין גלות אין אַ פרעמדער שול און

ס'וועט זיך נאָך גאָרנישט אויסלערנען אויך. און דער טאַטע וועט עס אויך פילען אויף טריט און שריט, וואָרום אין אַזוינע שטרײַטי־קייטען צווישען פעלקער, דערלאַנגט עס אָפּט זײַער, זײַער ווײַט, אַפילו ביז פרנסה אויך, און דאָס כפרה־הינדעל איז תמיד דער שוואַכסטער. אין דער שוואַכסטער וועט דאָ זײַן דער קלוגער ייד, וואָס די העברעיסטען ווילען אים באַגליקען נאָך מיט אַ צווייטער „לעבעדיקער" שפּראַך,—מיט העברעיש, אַחוץ זײַן פאָלקס־שפּראַך,—יידיש.

און לאָז זיך נישט אויסווייזען, אַז דאָס, וואָס מיר האָבען דאָ אָפּגעמאָלט, איז אַ פאַנטאַזיע, אַנ'אויסגעקלערטע זאַך. ניין! דאָס איז אַ בילד, גענומען פון לעבען, וואָס מיר האָבען עס ביז־אַהער אַלע צוגעקוקט מיט אייגענע אויגען. מיר דאַרפען געדענ־קען, אַז יידען אין רוסלאַנד ווינען נישט אין טיף ראַסיי צווי־שען רוסען; דאָרטען זענען יידען זייער ווייניק. יידען ווינען אין אַלטען תחום, אין די געגענט־ערטער, צווישען אַ סך אַנ־דערע פעלקער: ווײַסרוסען, אוקראַינער, פּאָליאַקען, לעטען, ליטווינער וכדומה. וויאַזוי האָט זיך געפירט ביזאַהער אונדזער שול־פּאָליטיק און זייער שול־פּאָליטיק? אַלע פעלקער האָבען געוואָלט האָבען נישט קיין קאַזיאָנע רוסישע שול פאַר זייערע קינדער, נאָר זייער אַנ'אייגענע שול— אויף דער מוטערשפּראַך פון די קינדער, און דערפאַר האָבען זיי געאַרבעט מיט מסירת־נפש. און אַזויווי די רוסישע רעגירונג האָט דאָס נישט געוואָלט ליידען, זי האָט געוואָלט, אַז אַלע קינדער פון די פרעמדע פעל־קער זאָלען גיין נאָר אין רוסישע שולען, כדי זיי זאָלען ווערען עכטע רוסען, איז אונדזערע שכנים־פעלקער אויסגעקומען אויסצו־שטיין גרויסע צרות. מ'פלעגט צונויפזאַמלען עטלעכע קינדער און אויסבאַהאַלטען אַזוינע קליינע גרופּעס, לערנען בגנבה פאַר דעם רוסישען אינספּעקטאָר, און באַשטראָפט־ווערען, ווען מ'האָט „געכאַפּט" באַ אַזאַ גנבה. און וואָס האָבען יידען געטאָן? יידען האָבען לא־די נישט געאַרבעט צו האָבען אייגענע יידישע

שולען, זיי האָבען זיך נאָך געשטופּט אין די רוסישע שולען. זיי האָבען באַשאַפען רוסישע שולען פאַר זייערע קינדער, זיי האָבען באַשאַפען רוסישע שולען פאַר דער גאַנצער באַפעלקערונג, ווי למשל, די קאָמערץ־שולען, וואָס זענען אומעטום אויפגעקומען מיט ייִדישער איניציאַטיוו און מיט ייִדיש געלט. דאָס הייסט, מיר דאַרפען עס זיך זאָגען אָפען: בעת אַלע פעלקער האָבען זיך געוועהרט קעגען דער אַלטער צאַרישער רעגירונג, וואָס האָט געוואָלט ניט אַנדערש, נאָר רוסיפיצירען זייערע קינדער, מאַכען זיי פאַר רוסען און מאַכען אויך די גאַנצע פרעמדע, נישט־רוסישע געגענט פאַר אַ רוסישע, האָבען ייִדען פּאַקטיש געהאָלפען דער צאַרישער רעגירונג צו דערשטיקען די אייגענע שול בײַ אַלע פעלקער, צו דערשטיקען זייער שפּראַך, זייער אייגען לעבען. אין ליטע, אין ווייס-רוסלאַנד און אומעטום, ווו רוסען זענען זייער ווייניק, מייסטענס, נאָר באַאַמטע, האָבען ייִדען געהאָלפען אייַנצופירען רוסיש אין דער שול, אויף דער גאַס און אומעטום. און דאָס האָט פאַרשאַפט בײַ אַנדערע פעלקער־שכנים אַ שרעקליכע שנאה צו ייִדען, און נישט נאָר בײַ פּינצטערע מענטשען, נאָר גראָד בײַ די בעסערע, בײַ דער אינטעליגענץ פון די אַלע פעלקער, ווייל זי, די אינטעליגענץ פון יעדען פאָלק, האָט תמיד מיט מסירת-נפש געאַרבעט אין געשטריטען פאַר אַן אייגענער פאָלקסשול און זי האָט געזען און פאַרשטאַנען, צו וואָס ס׳ברענגט ייִדישע יאָגעניש נאָך רוסישע שולען. ווער האָט געהאָלפען צו מאַכען ווילנע, מינסק וכדומה פאַר אַ רוסישער שטאָט, מיט רוסישע שולען, מיט רוסיש אין יעדען ווינקעלע, ווען נישט ייִדען? אמת, ייִדען האָבען עס נישט געטאָן מיט אַ כיון, מ׳האָט פשוט נישט פאַרשטאַנען די זאַך. מ׳האָט געלעבט מיט׳ן טאָג. מ׳האָט נישט געזען, וואָס עס טוט זיך בײַ אַנדערע פעלקער, מ׳האָט געמיינט אַז אַזוי דאַרף זיין, אַז די אַלטע גזלנ׳ישע אָרדענונג איז אייביג, און אַנדערש קאָן נישט

זײַן. מ׳האָט זיך קײן רעכענונג נישט אָפּגעגעבן. גבירים און בעלי-בתּים האָבן בכלל נישט געקלערט נישט פון קײן שול, נישט פון קײן בילדונג, נישט פין ייִדישער דערציִונג. מ׳האָט גע-גאַרט נאָר נאָך אַטעסטאַטען, נאָך פּריװילעגיעס. און פּריװילעגיעס האָט געגעבן נאָר די קאַזיאָנע רוסישע שול. אַ סך האָט דאָ מיטגעבראַכט די שרעקלעכע ייִדישע לאַגע, װאָס ייִדען האָבן נישט געטאָרט װוינען אויסער ייִדישע שטעט; ייִדען האָ-בען זיך נישט געטאָרט נעמען פאַר קײן זאַך. דער אַטעסטאַט פון אַ רוסישער שול האָט עפּעס געגעבן אַ שטיקעל אָנהאַלט. פון די פּריװילעגיעס האָבן גענאָסען נאָר גבירים און בעלי-בתּים, װאָס האָבן געקאָנט אַדורכרײַסען־זיך דורך דער פּראָצענט־נאָר-מע, קויפען פאַר געלט װאַקאַנסיעס פאַר זײערע קינדער און אויס-האַלטען בכלל זײערע קינדער יאָרען-לאַנג אין רוסישע שולען. פאַר דעם פאָלק, פאַר דעם פשוט׳ען ייִדענס אַ קינד, האָט מען נישט געזאָרגט בכלל: גענוג פון זײערטװעגען אַלטמאָדישע חדרים און תּלמוד-תּורות. אָבער דער צאָרן פון אונדזערע שכנים-פעל-קער איז געפאַלען אויפ׳ן גאַנצען ייִדישען פאָלק.

אַ ייִד סתּם איז געװען אין זײערע אויגען אַ רוסיפיקאַטאָר, דאָס הײסט, אַ מענטש, װאָס האַלט אין אײן פאַרוסישען שטעט, גאַנצע געגענטען, װוּ קײן רוסען זענען נישטאָ. דאָס זענען די אַלע געגענטען, װוּ ייִדען װוינען אין אַלטע ישובים, און די װיל-טיקסטע זאַך צו פאַרוסישען שטעט און געגענטען איז דאָ געװען די רוסישע שול. ייִדען זענען אין די־דאָזיקע געגענטען דער קולטורעלער קלאַס, און זײ האָבן געהאָלפען אײַנצופירען די פרעמדע שול, דאָס הײסט, די רוסישע שול.

פיל שנאה און קנאה האָט דאָס אונדז פאַרשאַפט בײַ אונ-דזערע שכנים-פעלקער. זאָלען מיר דען איצט, בעת דער אַלטער רוסיפיקאַטאָרישער רעזשים איז געפאַלען, און פעלקער שטײען אויף תּחית-המתים, זאָלען מיר דען איצט פירען די אַלטע פּאָ-ליטיק? און צי װעט מען אונדז שװײַגען! בפרט, אַז דער „גאָראָ-

דאָוואָי״ איִז שוֹין אוֹיך נִישטאָ.

היוֹצא מזה, אַז הן פאַר-זִיך, אַז אונדזער פאָלק זאָל האָבען בִּילדונג און וויִסען; יִדִישע קִינדער זאָלען אויסוואַקסען יִדען און מענטשען; הן פאַר דער וועלט,—מִיר זאָלען לעבען בשלוֹם מִיט אונדזערע שכנים-פעלקער, אַ וועלט זאָל נִישט האָבען צו טון מִיט אונדז, אַז מִיר שטײען אַלעמען אִין וועג,—מוזען יִדען האָבען אײגענע יִדִישע שולען אויף אונדזער מאַמע-לשוֹן—יִדִיש.

---

## IV.

## אַ קאַפּיטעל אויטאָנאָמיע.

מיר האָבען ביזאַהער גערעט וועגען דער „שפּראַך-פראַגע“, וועגען יידיש און העברעיש, נאָר בנוגע צו דער שול און צו בילדונג, וויאַזוי, אויף וואָס-פאַר-אַ שפּראַך זאָל מען לערנען און מדריך-זיין יידישע קינדער. אָבער די שפּראַך פון אַ פאָלק,—באַ יידען די יידישע שפּראַך, האָט אַ סך צו זאָגען נאָך באַ איין זייער וויכטיקע געלעגענהייט. נעמלעך, ווען דאָס פאָלק באַווייזט זיך אַלס אַ קבוץ, אַלס אַ גאַנצע עדה, הן קעגען אויסען, קעגען דעם לאַנד און דער מלוכה, ווו דאָס פאָלק געפינט זיך,— הן קעגען אינעווייניק, קעגען זיינע אייגענע יחידים. דאָס איז שוין אַ היכער פּאָליטישער ענין, און דאָס מוז מען אַרומרעדען ברייטער, דאָס איז אַ קאַפּיטעל אויטאָנאָמיע.

יידען זענען געווען „אין דער פרעמד“, קיין אייגענע מלוכה האָבען זיי שוין לאַנג נישט און דאָך האָבען זיי געלעבט, ווי אַ פאָלק. יידען האָבען געהאַט „קהל“. קהל האָט געפירט אַ געוויסע קהל׳שע ווירטשאַפט; יידען האָבען געהאַט אַ בקור-חולים, אַ תלמוד-תורה, הכנסת-אורחים, עולמות וכדומה. פאַר די הוצאות אויף קהל׳שע הצטרכות איז געווען אַ באַזונדער יידישער אָפּ-צאָל: די טאַקסע (קאָראָבקע). הקציר, קהל איז געווען כמו אַ

קליין יידיש מלוכה׳לע, אָדער, ווי מ׳זאָגט היינט, אַ יידישע זעלבסטפאַרוואַלטונג, וואָס האָט באַראַפט זאָרגען פאַר יידישע קהל׳שע הצטרכות׳ען און אויך זיין דער פאָרשטייער, דער טוען פון יידען פאַר דער מלוכה, פאַר דער שטאָט-דומע וכדומה. קהל האָט געקאָנט אויספירען אַזוינע זאַכען, געוויינלעך, נאָר דער-פאַר, וואָס ער האָט געהאַט אַ געוויסען כוח, געוויסע רעכט און התחייבות׳ען הן בנוגע צו איינצעלנע יידען, הן בנוגע צו דער מלוכה. למשל, באַ מאַכען „ראַסקלאַדקעס" און איינמאָנען פאַר-שידענע אָפּצאָלען (למשל, דעם ליכט-אָפּצאָל—„סוויעטשנאָי סבאָר" — און קאָראָבקע). דעמדאָזיקען כוח האָט קהל געהאַט פון דער מלוכה. אַפילו די צאַרישע רעגירונג, בימי ניקאָלאַי, וואָס זעלבסטפאַרוואַלטונג בכלל און בפרט נאָך יידישער קהל איז איר געווען על אפה ועל חמתה, זי האָט אודאי געוואָלט אויסראָטען יעדען שפור פון יידישען קהל, האָט זי עס דאָך נישט געקאָנט אויספירען, ווארום אפילו ניקאָלאַיס רעגירונג האָט דאָך געמוסט איינזען, אַז יעדער קבוץ, און ממילא דער יידישער קבוץ אויך, האָט אַזוינע אייגענע הצטרכות׳ען, וואָס נאָר ער אַליין קאָן עס באַפרידיגען דורך אייגענע שלוחים. קיינע „קאַזיאָנע טשינאָווניקעס" קאָנען דאָ נישט העלפען. דאָס איז געווען, ווי שוין געזאָגט, אַפילו אין יענע ביטערע צייטען, ווען מ׳האָט בכלל נישט גע-האַלטען פון קיין שום „פריַיהייטען", און פאַר פעלקער בפרט.

## וואָס איז אַזוינס אויטאָנאָמיע?

היינטיקע צייטען איז שוין אַ כלל-גדול, אַז אַזוי ווי יעדער יחיד אין דער מלוכה דאַרף האָבען פאָליטישע פרייהייט, אַזוי דאַרף אויך האָבען געוויסע פאָליטישע פרייהייט יעדעס פאָלק אין דער מלוכה. מיט פאָליטישער פרייהייט סתם פאַר יחידים איז מען איצט שוין נישט יוצא. ווארום יעדער מענטש איז נישט נאָר אַ תושב פון דער גאַנצער מדינה, נאָר קודם-כל איז ער אַ גליד פון זיין פאָלק. יידען זענען רוסלענדער בירגער אין דער מדינה

רוסלאַנד, גלײַך אַזוי, ווי רוסען, פּאָליאַקען, אוקראַינער און אַנ-דערע. ייִדען זענען פּוילישע בירגער אין דער מדינה פּוילען, אַזױװי פּאָליאַקען, דײַטשען; נאָר ייִדען זענען אַ חוץ דעם נאָך ייִדען, דאָס הײסט, זײ זענען אַ פֿאָלק מיט אַנ׳אײגענער געשיכטע, מיט אײגענער אמונה און מנהגים, מיט אַנ׳אײגענער שפּראַך, מיט אײגענע לײַדען און פרײַדען, נויטען אין פאַר-לאַנגען. דאָס אײגענע אויך יעדעס אַנדערע פֿאָלק אין דער מדינה, וואָס איז באַזעצט ניט פֿון אײן פֿאָלק, נאָר פֿון עטלעכע פֿעל-קער (למשל רוסלאַנד, פּוילען וכדומה). יעדעס פֿאָלק אין אַזאַ מדינה שטרעבט מיט אַלע מעגלעכקײטען צו דערהאַלטען זײַן קיום אַלס אַ פֿאָלק און צו וואַק-סען אַלס אַ פֿאָלק, ניט סתּם אַלס יחידים. כּדי דאָס צו דערלאַנגען, איז שוין ווײניק סתּם אַ דעמאָקראַטישע אָרדענונג, ווו אַלע בירגער פֿון אַלע פֿעלקער האָבען גלײַכע רעכט — מ׳דאַרף שוין האָבען, אַז יעדעס פֿאָלק באַזונדער, אַלס אַ גאַנצער קבוץ, זאָל האָבען געוויסע פּאָליטישע רעכט, כּדי אָפּצוהיטען זײַן קיום.

לאָמיר נעמען, למשל, בילדונג: באַ יעדען פֿאָלק איז ביל-דונג און מדריך-זײַן קינדער די וויכטיקסטע זאַך פֿון זײַן קיום. אין אַ דעמאָקראַטישער מלוכה איז פאַראַן אַ געזעץ, אַז לערנען אין פֿאָלקסשולען מוזען זיך אַלע קינדער אָהן אויסנאַם, און די מלוכה און די שטאָט וועט טאַקע עפֿענען גענוג אומזיסטע שו-לען פֿאַר אַלע קינדער גלײַך, אָהן אויסנאַם. אַלס בירגער וועט דאָ שוין מער קײנער ניט לײַדען, אפילו ייִדען אויך ניט. אָבער דאָך קאָן זיך טרעפֿען, אַז מ׳זאָל דאָ לײַדען אַלס אַ פֿאָלק. וואָרום סתּם שולען פֿאַר סתּם קינדער זענען ניטאָ פאַראַן, אָדער זײ טויגען ניט: רוסישע קינדער דאַרפֿען האָבען רוסישע שולען, פּוילישע קינדער—פּוילישע, ייִדישע קינדער—ייִ-דישע וכדומה. ווער-זשע וועט זאָרגען, למשל, אין מאָסקווע, אַז פֿאַר די עטלעכע הונדערט פּוילישע קינדער דאָרט, זאָל מען מאַכען פּוילישע שולען? אָדער אין וואַרשע, אַז פֿאַר די רוסי-

שע, דײַטשישע קינדער זאָל מען מאַכען רוסישע, דײַטשישע שו-
לען? אָדער אין מאָסקווע און אין וואַרשע, אין קיעוו און אין
מינסק און אין אַנדערע שטעט זאָל מען פאַר יִדישע קינדער
מאַכען יִדישע שולען? אין מאָסקווע איז דער רוב אײַנוואוינער
רוסען, און ממילא דער רוב ראַטמענער אין שטאָטראַט אַ רוסי-
שער, זײַ זענען געוואוינט צו מאַכען רוסישע שולען. זאָל מען
זיך אפשר פאַרלאָזען אויף יושר, אַז זײַ וועלען פאַרשטײַן,
אַז פאַר פוילישע קינדער דאַרף מען מאַכען פוילישע שולען, פאַר
יִדישע קינדער — יִדישע וכדומה, און זײַ וועלען טאַקע טון אַזוי?
אָדער דאָס אײַגענע אין וואַרשע, אַז דאָרט וועט דער פוילישער
שטאָטראַט מאַכען רוסישע שולען פאַר רוסישע קינדער, יִדישע
שולען פאַר יִדישע? איז אײַנמאָל — אין אַזוינע זאַכען, וואָס זע-
נען נוגע אַ פאָלק אין לעבען-אַרײַן, קאָן מען זיך אויף
יושר נישט פאַרלאָזען: וואָס טוט מען, אַז אַזאַ יושר
געפינט זיך נישט באַ לײַטען? זעען מיר דען נישט, למשל, איצט
אין פוילען, אַז די פּאָליאַקען לײַקענען שטײַן און בײַן: יִדען זענען
גאָר קײַן פאָלק נישט, און זײַ, די פּאָליאַקען, קלערען גאָרנישט
— מאַכען קײַן יִדישע שולען פאַר יִדישע קינדער. פאַרקערט!
יִדישע שולען רודפ׳ט מען עד-חרמה. דער שטאָטראַט גיט דע-
רויף קײַן אײן גראָשען געלט נישט, כאָטש שטײַערען צאָלען
יִדען גלײַך מיט אַלע. יִדישע שולען האָבען קײַן רעכט נישט,
יִדישע לערער האָבען אויך קײַן שום רעכט נישט (למשל, רעכט
אויף פּענסיע אויף דער עלטער), און בכלל ווי ווײַט מ׳קאָן נאָר
שטערען, אַז קײַן יִדישע שולען זאָלען בכלל נישט זײַן, אַז
יִדישע שולען זאָלען קײַן יִדישע לערער נישט האָבען וכדומה,
טוט מען עס מיט אַ חשק, מיט אַ ברען, אַזוי ווי אַ גרויסע מצוה-
זאַך.

בכן, איז פון יושר אָפּגערעט! נאָר לאָמיר שוין זאָגען, אַז
די גאַנצע וועלט איז דאָך נישט פוילען; אַז ערגעץ-אַנדערש איז
דעמאָקראַטיע, אמת און יושר, נישט גלאַט אַ שײן וואָרט, ווען

מ׳דאַרף עס האָבען פאַר-זיך, פאַר אייגענעם ווילל, נאָר ס׳איז טאַקע אַ מוז פאַר אַלעמען גלייך. ס׳איז קרוב לאמת צו גלייבען, אַז אין אַ דעמאָקראַטישער מאָסקווע, למשל, וועט די שטאָט-דומע וועלען מאַכען פּוילישע שולען פאַר פּוילישע קינדער, יידישע שולען פאַר יידישע קינדער וכדומה. וועלען — הייסט נאָך, אָבער, נישט קאָנען! קיין רוסישע געבילדעטע, קיין רוסישע טוער, קיין רוסישע לערער קאָנען נישט מאַכען קיין פּוילישע, קיין יידישע שולען, ווארום זיי ווייסען נישט, מיט וואָס מ׳עסט עס! דאָס קאָנען טון פּאָליאַקען פאַר־זיך, יידען פאַר-זיך וכדומה. ס׳זענען, ווידער, פאַראַן זאַכען, וואָס איין שטאָט קאָן עס נישט איפטין, אַפילו זי זאָל וועלען און פעיק-זיין דאָס צו טון. למשל, די מאָסקווער דומע קאָן נישט אויסהאַלטען קיין לערער-אינסטיטוט צוליב עטלעכע הונדערט יידישע, אָדער פּוילישע קינדער. דאָס איז שוין נוגע אַ גאַנצער געגענט, אָדער גאָר דער מלוכה. כדי, אָבער, פּאָליאַקען, יידען און אַנדערע פעלקער אין רוסלאַנד, און אין אַנדערע מדינות, זאָלען דאָס באמת קאָנען אויספירען, זיי זאָלען באמת קאָנען האָבען אייגענע שולען פאַר זייערע קינדער, דאַרף מען האָבען צוויי זאַכען: ראשית, דאַרפען פּאָליאַקען, יידען און אַנדערע, האָבען דאָס רעכט צו מעגען מאַכען אייגענע שולען פאַר זייערע קינדער, און נישט סתם פּאָליאַקען, נישט סתם-יידען, נאָר דער פּוילישער קבוץ, דאָס יידישע פאָלק! ווארום איינצעלנע מענטשען, סתם יעדע עטלעכע צענדליק פּוילישע, יידישע פאַמיליעס, קאָנען נישט עפענען אַ שולע פאַר זייערע קינדער. און אויב זיי וועלען מאַכען אַזאַ שולע, קאָנען זיי נישט זיין זיכער, אַז זיי וועלען האָבען לערער פאַר זייערע שולען, ווארום לערער דאַרף מען דאָך אויך אויסלערנען. פאַר לערער דאַרף מען האָבען לערער-אינסטיטוטען, און דאָס קאָן שוין יעדע עטלעכע צענדליק פאַמיליעס געוויס נישט דערלאַנגען. דאָס אייגענע אויך מיט אַ לערן-פּלאַן פאַר די שולען מיט לערן־

בּיִכער וכדומה. אַזוינע זאַכען קאָן אויספיִרען נאָר דער גאַנצער קבוּץ, אַ גאַנץ פאָלק: דאָס פּוילישע, דאָס ייִדישע פאָלק וכדומה. היוצא-מזה, אַז נישט סתם יחידים, נאָר דאָס פאָלק, דאָס פּוילישע פאָלק, דאָס ייִדישע פאָלק און אַנדערע פעלקער דאַרפען האָבען רעכט צו מאַכען אייגענע שולען פאַר זייערע קינדער, צו מאַכען אייגענע לערער-אינסטיטוטען, כּדי ס'זאָלען זיין לערער פאַר זייערע שולען, צו האָבען אייגענע דירעקטאָרען און אינספּעקטאָרען, וואָס זאָלען אויס-אַרבּעטען פּלענער: וואָס און וויאַזוי צו לערנען אין זייערע שולען; זיי זאָלען השגחה-האָבען אויף אַזוינע שולען; ס'זאָל באַשאַפען-ווערען לערן-בּיכער און אַנדערע מכשירים פאַר אַזוי-נע שולען. דאָס־דאָזיקע רעכט אויף אייגענער בּילדונג דאַרף זיין אָנגעוויזען פאַר יעדען פאָלק אין אַ באַזונדער געזעץ. וואָ-רום אויב ס'איז נישטאָ קיין געזעץ, קאָן אַ רוסישער טשינאָווניק נישט לאָזען פּאָליאַקען מאַכען קיין פּוילישע שולען, קאָן אַ פּוי-לישער באַאַמטער נישט לאָזען מאַכען רוסען, ייִדען זייערע שו-לען. אָדער ווידער פאַרלאָזען זיך אויף יושר? ס'מוז זיין אַ געזעץ, און אין דעם געזעץ דאַרף בפירוש אויסגעטייטשט-ווערען, אַז, למשל, פאַר פּוילישע שולען אין מאָסקווע אין פּעטראָגראַד און אין גאַנץ רוסלאַנד האָט צו זאָרגען נישט די מאָסק-ווער, פּעטראָגראַדער שטאָט-דומע וכדומה, נאָר דאָס פּוילישע פאָלק אין רוסלאַנד; פאַר ייִדישע שולען אין וואַרשע, לאָדז און אומעטום אין פּוילען, האָט צו זאָרגען נישט דער וואַרשע-ווער שטאָטראַט, נישט דער לאָדזער וכדומה, נאָר דער גאַנצער ייִדישער קבוּץ אין פּוילען.

רעכט צו האָבען אייגענע בּילדונג, דאָס איז איינס. רעכט אַליין איז אָבּער ווייניק! מ'דאַרף נאָך קאָנען אויסנוצען דאָס רעכט; מ'דאַרף נאָך זיין בּיכולת אויסצוהאַלטען אייגענע שולען, לערער-אינסטיטוטען, אינספּעקציע וכדומה. אויב מאָסקווער שטאָט־דומע, למשל, וועט זאָגען פּאָליאַקען: איר מעגט

אײַך מאַכן פּױלישע שולן; װאַרשעװער שטאָטראַט װעט זאָגען ייִדען: איר מעגט אײַך מאַכן ייִדישע שולן (לאָמיר זיך פֿאָרשטעלן, אַז איר װעט עס שין פּועל'ען הײַנטיקע צײַטען אין װאַרשע!), איז דאָס אַ טרוקענע טובה, אױב מאָסקװער שטאָט-דומע װעט נישט געבען פּאָליאַקען קײן געלט אױסצוהאַלטען זײערע שולן. דאָס אײגענע אױך, אױב װאַרשעװער שטאָטראַט זאָל נישט געבען קײן געלט. װאָרום פֿון װאַנען װעלען דען פּאָליאַקען, ייִדען נעמען געלט אױף זײערע אײגענע שולען? זײ צאָלען דאָך שטאָט-שטײַערען דער דומע, דעם שטאָטראַט גלײַך מיט אַלעמען. אױב, למשל, מאָסקװער און װאַרשעװער שטאָט-ראַטען אַסיגנירען אױף בילדונג, לאָמיר זאָגען, צו מיליאָן רובל אַ יאָר, איז דאָך דאָרט פֿאַראַן פּױליש און ייִדיש געלט אױך. זאָלען דען פּאָליאַקען, ייִדען וכדומה, צאָלען אַ צװײט מאָל שטײַער ספּעציעל פֿאַר זײערע אײגענע שולען? איז אײנמאָל, װוּ איז יושר? און שנית, קאָן מען דאָס נישט אױסהאַלטען. צװײ מאָל צאָלען אױף אײן זאַך, קאָן קײן פֿאָלק נישט. דעריבער איז, שנית, נױטיק, אַז אין דעמזעלבען געזעץ, װאָס גיט פּאָליאַקען, ייִדען און אַנדערע אומות רעכט אַלײן צו זאָרגען װעגען זײער בילדונג, אין דעמזעלבען געזעץ זאָל אױך שטײן בפירוש אױסגעטײַטשט:—מאָסקװער שטאָט-דומע איז פֿון איר געלט מחויב צו געבען פּאָליאַקען, ייִדען צושטײַער אױף זײערע שולען; װאַרשעװער שטאָטראַט איז מחויב צו געבען ייִדען, וכדומה. אױב מאָסקװע גיט אױס, למשל, באַ הײַנטיקע צײַטען, לאָמיר זאָגען, 10 רובל אַ חודש אױף צו לערנען יעדעס קינד,—פּױלישע קינדער אין מאָס-קװע זענען פֿאַראַן 200, ייִדישע 500 און דעסגלײַכען,—איז מאָס-קװער שטאָט-דומע מחויב אױסצאָלען אַלע חודש פּאָליאַקען 2000 רובל, ייִדען 5000 רובל אױף אױסצוהאַלטען אײגענע שולען. דאָס אײגענע אין װאַרשע און אומעטום.

אױף אַזױנע בילדונגס-זאַכען, װאָס נישט די שטאָט זאָרגט

דערפאַר, נאָר אַ גאַנצע געגענט אָדער מלוכה (למשל, גימנאַזיעס, העכערע שולען, לערער-אינסטיטוטען וכדומה), איז די געגענט אָדער די מלוכה, מחויב צו געבען, פּאָליאַקען, ייִדען און אַנדערע פעלקער, צושטייער אויף זייערע הוצאות לויט אַ געוויסען חשבון. דאָס אייגענע איז אויך מיט פּראָפעסיאָנעלע שולען (צו לערנען אַ מלאכה) מיט ביבליאָטעקען, פאָלקס־הייזער וכדומה. נאָר אין אַזאַ פאַל, ווען ביידע זאַכען, הן דאָס רעכט פון אַ פאָלק, אַז ס׳מעג אַליין זאָרגען פאַר זיין בילדונג, הן דער חוב מצד דער שטאָט-דומע און מלוכה, אַז זיי זענען מחויב צו שטיצען, צו געבען צושטייער,— נאָר ווען ביידע זאַכען וועלען זיין בפּרוש אויסגעטייטשט אין געזעץ, קאָן מען זיכער-זיין, אַז יעדעס פאָלק וועט באמת קאָנען האָבען אַזאַ בילדונג, ווי דאָס וויל, ווי דאָס פאַרדינט. דאָס פאַרשטייט-זיך אויך, אַז אין געזעץ ווערט אויסגעטייטשט, אַז שולען פון אַלע פעלקער און די לערער אין די אַלע שולען האָבען גלייכע רעכט. ס׳זאָלען נישט זיין, ווי ביז-איצט, קיין מיוחסים—„קאַזיאָנע“ שולען, וואָס האָבען אַלע רעכט און סתם שולען,— „פּריוואַטע“, וואָס האָבען קיין רעכט נישט. וואָרום אויב אַ פּוילישע שול אין מאָסקווע, אָדער אַ ייִדישע שול אין מאָסקווע און אין וואַרשע און אין אַנדערע ערטער, וועט נישט האָבען אַלע רעכט פון קאַזיאָנע שולען, און די לערער אויך, וועט דאָס זיין אַ קרבן פון די עלטערען צו שיקען זייערע קינדער אין אַזוינע שולען.

הצטרכות, אָבער, פון אַ פאָלק אין דער קיום פון אַ פאָלק שטעקט נישט אין בילדונג אַליין, נאָר אין אַ סך אַנדערע זאַכען אויך. נעמען מיר, למשל, פ א ל ק ס מ ע ד י צ י ן. אין פלוג קאָן, דוכט זיך, אויסווייזען: וואָס איז דען פאַר אַ חילוק רוסען, פּאָליאַקען, ייִדען און אַנדערע? וואָס-פאַר-אַ חילוק איז, ווער איז דער חולה און ווער איז דער דאָקטער, ווע מעס שפּיטאָל ס׳איז? שטאָט איז מחויב צו זען, אַז ס׳זאָל זיין גענוג שטאָטישע דאָקטוירים, אַמבולאַטאָריעס, שפּיטאָלען, וואָס זאָלען דינען אומזיסט

אַלע אײַנוואוינער און זאָלען זײַן גוט באַהאַנדעלט. אין אַ דעמאָקראַטיש לאַנד איז טאַקע אַזוי.

אָבער דאָס קאָן אויסווײַזען אַזוי, נאָר אויפ'ן ערשטען קוק, פון אויבען אויף. באַטראַכט מען די זאַך נעהנטער, אַזוי זעט מען באַלד אַרויס, אַז גלײַכער איז, ווען יעדעס פאָלק טוט עס פאַר־זיך באַזונדער. אַ רוסישער חולה וועט זיך בעסער צונויפרעדען מיט אַ רוסישען דאָקטער, אַ פּוילישער—מיט אַ פּוילישען, אַ יידישער—מיט אַ יידישען. דער חולה איז דאָך נישט מחויב צו ברעכען דעם צונג אויף אַ פרעמדער שפּראַך! נאָר אויסער שפּראַך, צו אַן'אייגענעם האָט מען מער צוטרוי, מ'פילט זיך בעסער מיט אים. אין אַן'אײַגענעם שפּיטאָל פילט מען זיך היימישער, און אַזוינע געפיל־זאַכען האָבען אַ סך צו זאָגען פאַר קראַנקע מענטשען, וואָס דאַרפען קודם־כל האָבען רו, נישט אויפרעגען זיך. שוין נישט צו רעדען דערפון, וואָס אַ קריסט קאָן אויסקומען גײַן צום שטאָט־דאָקטער שבת, און אַ יידען זונטיק; וואָס אַ ייד וויל האָבען אין שפּיטאָל כשר־עסען. נישט אומזיסט האָבען יידען געלאָזט זיך תמיד אויסברעגנגען אויף אײַגענע בקור־חולים'ס און זעלטען אָנגעקומען צו שטאָטישע, אָדער זעמסקע שפּיטאָלען. פאָלקס־געזונט הייסט, אָבער, נישט נאָר היילען קראַנקע אַליין. הײַנטיקע צײַטען איז די מעדיצין אַ סך מער פאַרנומען מיט פאַרהיטען, אַז מענטשען זאָלען נישט קראַנק־ווערען, אָדער, וואָס ווײַניקער קראַנק־ווערען („סאַניטאַריע" הייסט עס). מ'זעט השגחה־האָבען, אַז מענטשען זאָלען פרײַער און גראַמער וואוינען, אַז אין די הײַזער, אין די הויפען, אין די געשעפטען און אין די גאַסען זאָל זײַן ריין; אַז מענטשען זאָלען בכלל גיין ריין אַרום זיך; אַז ס'זאָל זײַן גוט וואַסער, ביליקע און גוטע בעדער, אַז ווען אײנער ווערט קראַנק, דערהויפּט, אויף אַן'אַנשטעקענדיקער שלאַפקײט, זאָל מען אים אָפּזונדערען, זאָל מען דיזענפעקצירען (רייניגען) די וואוינונג,—אַנדערע זאָלען זיך נישט אָנעמען וכדומה אַזוינע מיטלען. הײַנטיקע צײַטען, למשל, זעט

מען צו געבען יעדען א ביכעל אין האנט, ער זאל וויסען, ווי זיך צו פארהיטען פון שלאף-ווערען און פארהיטען זיין הויזגע-זונט, דערהויפט, אז ס'טרעפט זיך אנ'אומגאנג, ווי למשל, פא-קען, טיפוס, כאלערע,—מוטערס זאלען וויסען, ווי אומצוגיין מיט זויגקינדער וכדומה. דאס אלץ, אומגיין מיט קראנקע און פארהי-טען דאס געזונט, מ'זאל נישט קראנק-ווערען, קאנען אמבעסטען טון אייגענע, ווארום יעדעס פאלק לעבט אנדערש, האט זיך זיינע ארט פרנסות, זיינע הולאת'ען אייגענע רגילות'ען אין ריינקייט, אין שפייז וכדומה. קריסטען, למשל, ווינען בדרך-כלל געראמער, פרייער, דערהויפט, אין דארף, זיי זענען מער אויף דער לופט, דערפאר זענען זיי ווייניקער געהיט, לאמיר זאגען, אין עסען און אין טרינקען און דערהויפט זענען זיי ווייניקער געוויינט ווענדען-זיך צו אדאקטער, פארקערט, יידען האלטען שטארק פון קורי-רען זיך. זיי פארזעצען דערויף דאס לעצטע קישעלע, דערפאר ווינען זיי שרעקלעך ענג, מייסטענס, שמוציק אויך. זיי זענען ווייניק אויף דער פרייער לופט, און בכלל האלטען זיי ווייניק פון היטען דאס געזונט, איידער מ'ווערט קראנק. איז טאקע גלייכער, אז יעדעס פאלק זאל אויף זיך אליין השגחה-האבען. מיר האבען טאקע געזען, למשל, אז בא יידען האט א סך אויפגעטאן די לעצטע פיר יאר די „חברה צו פארהיטען יידיש געזונט" הן פאר די פארוואגעלטע היימלאזע, הן פאר אזוי יידען. אבער דאס איז צו א גרויסע זאך, אז א פריוואטע חברה זאל עס קא-נען אויפהייבען. דאס איז א זאך פאר דעם גאנצען פאלק. דערפון איז שוין ארויסצוזען, אז יעדעס פאלק דארף האבען אליין צו זאגען אויף זיין פאלקס-מעדיצין. דאס דארף בפירוש אנגעוויזען ווערען אין געזעץ. און ווי מיר האבען שוין גע-זען, איז נישט גענוג, אז מ'מעג,—מ'דארף אויך קאנען אויס-האלטען. דאס הייסט, אז די שטאט-דומע, די מלוכה דארף פון איר געלט געבען יעדען פאלק צושטייער אויף זיין מעדיצין. און דאס דארף אויך בפירוש שטיין געשריבען אין געזעץ.

דאָס נעמלעכע אויך אַנדערע אינסטיטוציעס און מיטלען, וואָס יעדעס פאָלק טוט אויך, כדי אויסצוהעלפען זיינע נויטבאַדערפטיקע אין געפאַלענע—גרינגער צו מאַכען צו לעבען דעם געמיינעם מאַן: הכנסת-אורחים, ביליקע גאָרקיכען, מושב-זקנים׳ס אָדער העלפען עמיגראַנטען.

וויפעל טויזענטער יידען ווערען יעדעס יאָר פאַרשוואַרצט איבער דעם, וואָס זיי פאַלען אַריין צו די אַגענטען אין די הענט, זיי ווערען באַשווינדעלט און באַריסען. דאַרף טאַקע זיין אַ ביוראָ, וואָס זאָל דעם עמיגראַנט צו-הילף-קומען מיט אַ ביליקער שיפס-קאַרט, מיט אויסריכטען אים אין וועג-אַריין, פאַרהיטען אים, אַז ער זאָל נישט באַ׳עול׳ט ווערען פון די שיפגעזעלשאַפטען וכדומה. דערהויפט, אָבער, דער עמיגראַנט זאָל זיך קאָנען אָנפרעגען, זיך אַנ׳עצה-האַלטען ווהין צו פאָרען, פאַרוואָס זיך צו נעמען. דאָס אַלץ קאָן אַמבעסטען יעדעס פאָלק אויפטון פאַר-זיך. רוסען, וויסען נאָך בכלל זייער ווייניק פון עמיגראַציע. בעת יידען, טיילוויז אויך פאָליאַקען און אַנדערע פעלקער, פאָרען שוין מעבר לים צענדליקער יאָרען. איז באַ רוסען האָט זיך די עמיגראַציע אָנגעהויבען ערשט די לעצטע עטלעכע יאָר, ממילא ווייסען זיי נאָך נישט, וויאַזוי צו נעמען זיך פאַר אַזאַ זאַך. אין אַ רוסיש ביוראָ וועט קומען אַ פויער פון דאָרף, וועט רעדען אויף זיין שפּראַך,—דאַרף מען אים אָנווייזען צו פאָרען אין איין אָרט, זיך נעמען פאַר איין זאַך. אין אַ יידיש ביוראָ וועט קומען אַ ייד אַ שטאָטמענטש, אַ בעל־מלאכה, אַ קרעמער, אַזוי אַ לופטמענטש,— וועט רעדען אויף זיין שפּראַך, פון זיינע נויטען,—דאַרף מען אים אָנווייזען צו פאָרען אפשר אין אַנ׳אַנדער אָרט, זיך נעמען פאַר אַנ׳אַנדער אַרבעט. אָבער קודם-כל דאַרף זיין אַ רוסיש ביוראָ פאַר רוסען, אַ פּויליש—פאַר פאָליאַקען, אַ יידיש—פאַר יידען. און ווידער צמאָל: דאָס אַלץ דאַרף זיין אויסגעטייטשט אין געזעץ, הן אַז מ׳מעג עס טון, הן אַז מ׳קאָן עס טון, דאָס הייסט, אַז מ׳גיט דערויף געלט.

נעמען מיר פרנסות בכלל און ייִדישע פרנסות בפרט. געוויס איז די מלוכה מחויב צו זאָרגען, אַז יעדער זאָל, ווי ווײַט מעגלעך, געפינען פאַר זיך אַ פּאַסיקע אַרבעט און האָבען ברויט. אָבער נישט מלוכה-טשינאָווניקעס אָדער אַפילו דומעס און זעמסטוועס קאָנען דאָס טון פאַר אַלעמען גלײַך, וואָרום פעלקער האָבען מײַסטענס פאַרשידענע פרנסות. רוסען, פּאָליאַקען, אוקראַינער — זענען מײַסטענס ערד-אַרבעטער, אין די שטעט זענען זיי פאַבריק-אַרבעטער. די מלוכה, די זעמסטוועס טוען, און האָבען טאַקע אַ סך אויפגעטאָן, אַז דער פויער זאָל האָבען ערד, אַז די ערד זאָל ער קאָנען באַאַרבעטען, ווי געהעריק, ער זאָל האָבען גענוג אינווענטאַר, ערד, מאַשינען וכדומה; ער זאָל, וואָס בעסער, אָפּזעצען זײַנע דאָרפפּראָדוקטען און זאָל, וואָס ביליקער אײַנקויפען, וואָס ער דאַרף: מאַשינען, סעפּאַראַטאָרען וכדומה. מ'שיקט אין דאָרף אינסטרוקטאָרען צו לערנען דעם פויער באַאַרבעטען די ערד, אײַנפירען מילכווירטשאַפט; ער זאָל בכלל ציען פון זײַן ווירטשאַפט, וואָס מער נוצען; ער זאָל אָרגאַניזירען שותפות-חברות (קאָאָפּעראַטיווען) פאַר קרעדיט, פאַר אײַנקויפען און פאַרקויפען. זייער פיל, למשל, האָבען די רוסישע זעמסטוועס אויפגעטאָן פאַר די קוסטאַרען, דאָרף-בעלי-מלאכות, צו לערנען זיי בעסער און שענער די אַרבעט און בעסער אָפּצוזעצען זייער אויסאַרבעט.

ייִדען, אָבער, זענען שטאָטמענטשען און האָבען שטאָטישע פרנסות: מלאכה, קלײנהאַנדעל, קלײנפאַבריקאַציע. פאַר זיי האָט ביז-הײַנט קײנער נישט געזאָרגט און נישט געקאָנט זאָרגען. און זאָרגען דאַרף מען גראָד, און זײער אַ סך, און גראָד איצט, בעת ס'וועלען זיך אָפּרופען אַלע ווײַטיקען פון דער מלחמה. אַלע ווייסען, ווי ווײַט ייִדען זענען הינטערשטעליק אין דער מלאכה. מ'דאַרף אַ בעל-מלאכה אויסלערנען זײַן מלאכה גופא, ער זאָל קאָנען קאָנקורירען. ווארום דאָס זעען מיר דאָך צו מיט אײגענע אויגען, אַז אַ ייִד, אַ בעל-מלאכה ווערט-אָן,

וואָס ווײַטער, אַלץ מער דעם פּלאַן: דער קריסטלעכער בעל-מלאכה אַרבעט שענער און בעסער פֿאַר אים,—ממילא ווערט דער ייִד פֿאַרטריבען פֿון דעם מאַרק. מ׳דאַרף האָבען פּראָפֿעסיאָנעלע שולען, מוסטער-וואַרשטאַטען, אינסטרוקטאָרען, מוזעומס און אויס-שטעלונגען פֿון אויסאַרבעט. מ׳דאַרף האָבען, אַז דער בעל-מלאכה זאָל דורך זײַנס אַ בשותפֿות-חברה (קאָאָפּעראַטיוו), ביליק באַציִען מאַטעריאַל און וואָס בעסער אָפּזעצען זײַן אויסאַרבעט. מ׳דאַרף האָבען, אַז קלײנע הענדלער און בכלל דער געמײַנער מאַן זאָל האָבען ביליקען קרעדיט. מ׳דאַרף האָבען אַ גרויסע באַנק פֿאַר ייִדישער פֿאָלקסווירטשאַפֿט, פֿאַר בעלי-מלאכות, קלײנהענדלער, פֿאַר דאָס ביסעל ייִדישע ערד-אַרבעטער און צו העלפֿען ייִדען צו באַזעצען-זיך אויף ערד; די באַנק זאָל אויך העלפֿען אויס-ריכטען די צענדליקער טויזענטער ייִדישע פֿאַמיליעס. וואָס זענען אומגליקלעך-געוואָרען צוליב דער מלחמה; זי זאָל דינען אײנוואַנ-דערע עמיגראַנטען, אַזוי ווי ס׳איז פֿאַראַן אַ רוסישע, אַ פּוילישע באַנק פֿאַר פּויערים. ווער זאָל זאָרגען פֿאַר דעם אַלץ? קײנער קאָן זיך ניט אַרײַנשטעלן אַזוי טיף, אַזוי גרינדלעך אין יענעמס פֿאָלקסנויטען. נאָר יעדעס פֿאָלק פֿאַר-זיך קאָן זיך אויסהעלפֿען און ממילא דאַרף דאָס אויך שטײן אין געזעץ.

דאָס זענען, בדרך-כּלל, די נויטבאַדערפֿעניִשען, וואָס יע-דעס פֿאָלק דאַרף זיי אַלײן באַפֿרידיגען מיט דער הילף פֿון דער מדינה, כּדי צו פֿאַרהיטען זײַן קיום און אויפֿציִען געזונטע דו-רות, וואָס זאָלען גײן אין דעם וועג, וואָס זענען אָנגעצײכענט דעם פֿאָלק פֿון זײַן היסטאָריע. און דאָס אַלץ דאַרף זײַן באַוואָ-רענט אין אַ געזעץ. אָט דאָס-דאָזיקע געזעץ, וואָס דאַרף פֿאַר-זאָרגען יעדעס פֿאָלק, אַז ס׳זאָל קאָנען אַלײן באַפֿרידיגען אַלע זײַנע פֿאָלקס-הצטרכות מיט דער הילף פֿון דער מלוכה, פֿון שטאָט-ראַטען און זעמסטוואָס, אַז ס׳זאָל קאָנען פֿאַרהיטען זײַן קיום בכלל, אָט דאָס הײסט אויף דעם פּאָליטישען לשון נאַציאָנאַ-לע אויטאָנאָמיע. דאָס הײסט, נאַציאָנאַלע זכיות, נאַציאָנאַ-

לע זעלבסטשטענדיקייט. יעדעס פאָלק, וואָס איז אַ מעוט צווישען אַנ׳אַנדער גרעסער פאָלק, זאָל זיין בעל־הבית באַ זיך אין דער־היים, אין דעם קבוץ פון אייגענע פאָלקס-אינטערעסען.

צו די צרכי-הכלל קומען צו נאָך אַזוינע זאַכען, וואָס זענען נוגע נישט נאָר יחידים אַליין, נאָר דעם גאַנצען פאָלק: דאָס איז קודם-כל די שפראַך. יעדען פאָלק איז שטאַרק נוגע, אַז ס׳זאָל קענען פריי און עפענטלעך ניצען זיין שפראַך, נישט נאָר אין דער שיל, נאָר בכלל עפענטלעך: אויף פאַרזאַמלונגען, אין טעאַטער, אין צייטונגען און געשעפטס-דאָקומענטען. נישט שטענדיק איז דאָס אַ מובן מאליו. מילא, פון דעם אַלטען צאַרישען רוסלאַנד איז דאָך שוין אָפגערעט. דאָ האָט מען דאָך נישט געטאָרט עפענען אַ כויל אויף אַנ׳אַנדער שפראַך, חוץ רוסיש! דאָ האָט דאָך דאָס געקאָנט דערלאַנגען אַזוי ווייט, אַז אַ פאָלק—ליטווינער—האָבען אַ צייט לאַנג נישט געטאָרט דרוקען זייערע תפילות אפילו אויף זייער שפראַך; אוקראַינער און יידען האָבען ביז דעם יאָר 5-1903 נישט געטאָרט האָבען קיין צייטונג אויף זייער שפראַך. ווער געדענקט דען נישט מיט וואָס פאַר אַנ׳אכזריות מ׳האָט גערודפ׳ט די יידישע שפראַך בעת דער לעצטער מלחמה? אַ יידישער סאָלדאַט אין די „אָקאָפעס״ האָט נישט געטאָרט אָנשרייבען קיין בריוועל דער מאַמען אויף יידיש. אין איין שיינעם טאָג (דעם 5-טען יולי 1915). האָט מען גלאַט פאַרמאַכט אַלע יידישע צייטונגען. יידען האָבען כמעט צוויי שרעקלעכע מלחמה-יאָר דוכאַנאַנט (ביז דער רעוואָלוציע), קיין אייגענע צייטונגען נישט געהאַט. אין איי-ניגע ערטער האָט מען אפילו קיין סידור נישט געלאָזט דרוקען. אָבער נישט נאָר אין רוסלאַנד, אפילו אין גאַליציע, אין עסטרייך, כלומר׳שט אַ קאָנסטיטוציע-לאַנד, דאָרט זענען אויך געווען פעל-קער-מיוחסים,— דאָס זענען, קודם-כל, פאָליאַקען און דייטשען, און פעלקער-קנעכט—דאָס זענען יידען. בשעת דער פאָלקס-ציילונג, למשל, האָט אַ ייד נישט געטאָרט אָנגעבען, אַז זיין מוטערשפראַך

איז יידיש. אַזאַ שפּראַך, פלעגען זאָגען די גאַליציאַנישע באַאַמטע, איז גאָרנישט פאַראַן אויף דער וועלט; ס'איז אַן אויסגעקלערטע זאַך, און מ'שטראַפירט דערפאַר מיט טורמע און מיט קנס. ווער שמועסט שוין שפּילען אויף יידיש—דאָס האָט מען גאָרנישט געטאָרט אויסרעדען. איז היוצא-מזה, אַז **אויף יושר**. ווי מיר האָבען שוין פריער געזען, קאָן מען זיך נישט פאַרלאָזען. ס'דאַרף שטיין בפירוש אין געזעץ, אַז יעדער האָט דאָס רעכט צו רעדען און צו שרייבען, צו דרוקען און מאַכען געשעפטס-דאָקומענטען (געשעפטסביכער, אַקטען וכדומה) אויף זיין שפּראַך. קיינער טאָר איהם נישט שטערען.

און נאָך אַ זאַך: דער צונג באַ אַ מענטשען דאַרף נישט זיין אין גלות, אין רעגירונגס-אַנשטאַלטען אויך: אויף פּאָסט, אויף דער באַן, אין געריכט, אין שטאָטראַט, אין דער זעמסטווע, וכדומה אַזוינע אָפיציעלע אינסטיטוציעס. ווער האָט נישט צוגעזען דעם פיין פון מענטשען: יידען, אוקראַינער, פּאָליאַקען און אַנדערע האָבען נישט געטאָרט זיך אויס'טענה'ן אין רוסלאַנד מיט אַ באַאַמטען אויף זייער שפּראַך, הגם זיי וואוינען אין דער שטאָט אין די גרויסע טויזענטער מאַסען. זיי דאַרפען דוקא ברעכען דעם צונג אויף דעם באַאַמטענס שפּראַך—אויף רוסיש. איז דאָך דאָס אַן אמת'ע באַליידיגונג און רציחה. מענטשען האָט מען אַרויפגעלייגט אַ שלאָס אויפ'ן מויל. און ס'איז טאַקע אַ גרויסע פּראַקטישע מניעה אויך אין לעבען: וויפיעל היזק'ות האָבען דערפון מענטשען! איז טאַקע באַ דער דעמאָקראַטיע אַ כלל, אַז נישט דער עולם איז באַשאַפען געוואָרען פאַר דעם באַאַמטענס וועגען, נאָר פאַרקערט, דער באַאַמטער איז באַשאַפען געוואָרען פאַר דעם עולם'ס וועגען, און ער, דער באַאַמטער דאַרף פאַרשטיין די שפּראַכען, וואָס דער עולם רעט אויף אַנ'אָרט. אין אַזאַ שטאָט, למשל, ווי מינסק, וואו ס'איז פאַראַן אַ גרויסער עולם יידען, ווייסרוסען, רוסען און פּאָליאַקען, דאַרפען אַלע באַאַמטע פאַרשטיין חוץ ווייסרוסיש און רוסיש, נאָך יידיש און פּויליש

אויך. אין ווארשע דארפען זיי פארשטיין חוץ פויליש, נאך יי־דיש אויך און ענטפערען דעם עולם אויף יידיש, אויב מ'רעט צו זיי אויף יידיש און דעסגלייכען אין יעדען ארט. דארט, וווּ ס'איז פאראן א געוויסער ניכר'ער פראצענט איינוואוינער (לאמיר זאגען 10%—15), וואס רעדען נישט אויף דעם לאנדשפראך, נאר אויף זייער פאלקסשפראך, דארף דער עולם זיין זיכער, אז מיט זיין שפראך קאן ער אויסקומען אין שטאט אומעטום, אין אלע אפיציעלע אינסטיטוציעס. און ווידער אמאל נישט יושר, נאר א געזעץ, דאס דארף בפירוש אנגעצייכענט ווע־רען אין געזעץ פאר א חוק ולא יעבור.

פון די זאכען, וואס געהערען צו פאלקס־אינטערעסען, לאמיר דא אנווייזען נאך אויף שבת־רו. דאס הייסט, אז א ייד דארף האבען דאס רעכט צו האלטען אפען זיין געשעפט אום זונטיק און גוישע חגאות, כדי ער זאל קאנען האלטען צו און רוען אום שבת און יידישע ימים־טובים. דאס איז נוגע יידישע קרעמער, אנגעשטעלטע, ארבעטער. אזוי ווי כמעט אומעטום, אין יעדער שטאט, גיט דער שטאטראט ארויס תקנות, אז די געשעפ־טען דארפען זיין געשלאסען אום זונטיק און קריסטלעכע פייער־טעג, דארף זיין א געזעץ פאר דער גאנצער מדינה, אז יידען, וואס האלטען צו זייערע געשעפטען אום שבת, מעגען זיי האלטען אפען אום זונטיק, מאכמעדאנער—פרייטיק.

איצט נאך א פאר ווערטער וועגען דעם, וויאזוי מ'טוט עס אלץ פראקטיש. וויבאלט א געזעץ וועגען נאציאנאלער אוי־טאנאמיע פאר די מעוט־פעלקער איז שוין פאראן, מוז זיך יעדער איינער באקענען צו זיין פאלק. יעדעס פאלק פירט זיך א ריים־טער פון די זייניקע. אין יעדער שטאט, אין יעדען שטעטעל, קלייבט־זיך־אויס יעדער נאציאנאלער קבוץ זיין קהלה־פירונג, זיין שטאטישען ועד. יידען, געוויינלעך, זייער ועד באזונ־דער. דער־דאזיקער ועד איז שוין נישט סתם א פריוואטע זאך, נאר א מלוכה'שע אינסטיטוציע, וואס האט שוין א כוח

פון דער מלוכה אויף אייגענע פאָלקס-אינטערעסען, למשל, ווי אַ שטאָטראַט האָט צו זאָגען אויף גאַנץ שטאָט. דעמדאָזיקען ועד איז מען שוין מחויב צו פאָלגען. ייִדען, למשל, דאַרפען פאָלגען דעם ועד פון זייער קהלה און דעסגלייכען. דער-דאָזיקער ועד פאַרזאָרגט אַלע קהלה-אינטערעסען פון זיין פאָלקס-קבוץ אויף אַנ׳אָרט: ער מאַכט שולען, קורסען אַלערליי, ביבליאָ-טעקען; ער זאָרגט פאַר בילדונג, בכלל פאַר זיין פאָלק; ער מאַכט אַ שפּיטאָל, אַ מושב-זקנים; ער שטיצט די פאָלקס־ווירט-שאַפט: בעלי־מלאכות אָדער ערדאַרבעטער און אַנדערע פרנסות און דעסגלייכען. דער ועד פאָדערט־אַרויס אין האַלט אין זיין רשות די געלטער, וואָס ס׳קומט זיין קבוץ, בערך לויט אַ געוויסען חשבון פון דעם שטאָטראַט, פון דער זעמסטווע, פון דער מלוכה אויף שולען, שפּיטאָלען וכדומה פאַר זיין קבוץ. דער ועד באַשטייערט ווידער זיינע אייגענע מיט אַ ספּעציעלען שטייער (אָפּצאָל), אויב יענע געלטער זענען ווינציק צו דעקען אַלע פאָלקס-הצטרכות׳ען. דעמדאָזיקען אייגענעם קהלה-שטייער מוז מען צאָלען, אַזוי ווי מ׳מוז צאָלען שטאָטשטייערען, מלוכה-שטיי-ערען. דער קהלה-ועד איז אויך דער פאָרשטייער, דער באַפול-מעכטיקטער טוער פון זיין קהלה אַקעגען שטאָט און מלוכה. ער זעט, ניט צו דערלאָזען, אַז מ׳זאָל באַ׳עולה׳ן זיינעם אַ גליד, למשל, אַז קיינעם פון זיין קהלה זאָל מען ניט שטערען צו ווענדען זיך אויף זיין שפּראַך אין די אַלע אָפּיציעלע אינסטיטו-ציעס (אויף פּאָסט, באַן, אין שטאָטראַט וכדומה), אַז ייִדען, למשל, וואָס היטען-אָפּ שבת זאָל מען ניט שטערען צו האַלטען אָפען זיין געשעפט אָדער צו אַרבעטען אים זונטיק. בכלל זעט דער ועד צו פאַרהיטען זיינע פאָלקס-אינטערעסען, וואָס זענען אָנגע-צייכענט אין דעם געזעץ אין דעם גבול פון נאַציאָנאַלער אוי-טאָנאָמיע. אין דעמדאָזיקען גבול מוזען אים פאָלגען אַלע אייגע-נע אין זיין שטאָט, און אַלע רעגירונגס-באַאַמטע מוזען אים אַקעגענקומען.

דאָסזעלבע אויך פאַר דעם גאַנצען פאָלקס-קבוץ אין גאַנ-צען לאַנד. אין יעדער מדינה, אין רוסלאַנד, אין אוקראַינע, אין פוילען און דעסגלײַכען, קלײַבט אויס יעדער פאָלקס-קבוץ זײַנע שלוחים אין זײַן נאַציאָנאַלען פאַרלאַמענט, אָדער סײַם. דידאָזיקע אסיפה פון שלוחים פון דעם גאַנצען פאָלק אין לאַנד קומט-פאָר, לאָמיר זאָגען, אַלע יאָר. דאָרט, אויף דערדאָזיקער אסיפה, אָדער אין נאַציאָנאַלען סײַם, ווי מיר האָבען עס אַ נאָ־מען געגעבען, ווערען שוין באַטראַכט זאַכען, וואָס געהערען צום גאַנצען פאָלק אין לאַנד. למשל, אין ענין בילדונג: אויס-אַרבעטען אַ פּלאַן פאַר אַלע שולען, מאַכען לערער-אינסטיטוטען צוליב צוגרײטען לערער; אָדער אין פרנסה-זאַכען: מאַכען אַ באַנק פאַר דער פאָלקסווירטשאַפט פון זײַנע אײגענע יכדומה; אָדער משתדל-זײַן זיך פאַר דער מלוכה אין אַזאַ ענין, וואָס איז נוגע דעם גאַנצען פאָלק. דאָס, וואָס דערדאָזיקער סײַם באַשליסט איז שוין געוויינלעך אַ חוב פאַר דעם גאַנצען פאָלק. דערדאָזיקער סײַם קלײַבט-אויס פאַר זיך אַ פירונג, אַנ׳אויבער-ועד פאַר דעם גאַנצען פאָלק, אַ מין נאַציאָנאַלע רעגירונג, וואָס דאַרף אויספי-רען בפועל אַלץ, וואָס דער נאַציאָנאַלער סײַם באַשליסט; וואָס האָט אַ שטענדיקע השגחה אויף די שטאָטישע קהלות, העלפט זיי און לערענט זיי. דער נאַציאָנאַלער סײַם און דער אויבער-ועד האָבען, הײסט עס, די אײגענע עובדא, וואָס די קהלה און איר ועד אויף אַנ׳אָרט, נאָר שוין אין אַ גרעסערען פאַרנעם, אויפ׳ן שטח פונ׳ם גאַנצען לאַנד. פאַרשטײט זיך, אַז דער נאַציאָנאַלער סײַם און דער אויבער-ועד זענען מלוכה׳שע אינסטיטו־ציעס, זיי איז מען מחויב צו פאָלגען אין דעם גבול פון דער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע לויט דעם געזעץ־נאָך.

איז פאַראַן אַ געזעץ וועגען נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע און ס׳זענען פאַראַן שטאָטישע קהלות מיט זײערע ועד׳ען און אַ נאַציאָנאַלער סײַם מיט אַנ׳אויבער־ועד,—הײסט עס, אַז ס׳איז שוין דאָ, ווער ס׳זאָל אויספירען די זאַך, ווער ס׳זאָל באמת געניסען

פון די זכיות, וואָס דאָס געזעץ גיט, און ווער ס׳זאָל פאַרהיטען דאָס געזעץ, מ׳זאָל דערויף נישט עובר־זיין*).

אויטאָנאָמיע און שפּראַך.

איצט פרעגט זיך אַ קשיה: ס׳איז טאַקע אַלץ גוט און וואויל; נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע איז טאַקע אַ דבר־גדול, ממש אַ גאולה פאַר יעדען פאָלקס־קיבוץ, וואָס איז אַ מעוט צווישען אַן אַנדער גרעסער פאָלק. אָבער, וואָס קער־זיך עס אָן מיט אונזער ענין פון ייִדיש און העברעיש?

אָט דאָ קומען מיר צום רעכטען שפּיץ, אַז ייִדיש איז שוין נישט סתם אַן אינעווייניקסטער ענין, וויאַזוי צו לערנען אין ייִדישע שולען אָדער צו פירען ייִדישע בילדונג בכלל,—ייִדיש איז שוין עפּעס מער: דאָס איז שוין אַ פּאָליטישע פראַגע, דאָס איז שוין גאָר אַ גרויסער נאַציאָנאַלער ענין פאַר דעם פאָלק, אַ פראַגע פון דעם קיום פון דעם ייִדישען פאָלק.

וויאַזוי? איז דער תירוץ: טאַקע נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע! מיר האָבען שוין געזען, וואָס־פאַר־אַ פאַרנעם נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע האָט, וואָס־פאַר־אַ כח זי האָט פאַר דעם פאָלק און אין דער מלוכה. די מלוכה טיילט־זיך מיט אַ פאָלק מיט זיינע רעכט. אַ טייל זכיות, וואָס געהערען, ווי אַלע איבעריקע זכיות, צו דער מלוכה, גיט די מלוכה איבער דעם פאָלק, די קהלות, און דעם סיים און דעם אויבער־ועד פון אַ פאָלק; זיי זאָלען זיך קאָנען אַליין פירען זייער בילדונג, זייער הילפס־אַרבעט וכדומה, ווי מיר האָבען שוין פריער אָנגעוויזען. די מלוכה גיט דעם כוח אַ פאָלק דאָס אַלץ אויסצופירען, די מלוכה גיט

*) אַז נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע איז נישט סתם אַן אויפטו, אַ קאָפּזאַך, נאָר טאַקע אַ פּראַקטישער פּאָליטישער ענין, קאָן מען אַרויסזען פון דעם, וואָס אין איין לאַנד איז דאָס מקוים־געוואָרן. אין אוקראַינע האָט די „צענטראַלע ראַדע" מתקן־געווען דעם 9־טען יאַנואַר, אין יאָר 1918 אַ געזעץ וועגען נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע פאַר די מעוט־פעלקער און ייִדען אויך בכלל. און ייִדען האָבען באַקומען אַן אייגען ייִחוס מיניסטעריום פאַר ייִדישע ענינים.

איך געלט צו שטייער דערויף, ממילא איז קלאָר, אַז אַ מלוכה טוט אַזאַ זאַך זייער אוּן זייער אויסגערעכענט, באַטראַכט, אַזוינע ברייטע פּרעטענזיעס צו דער מלוכה קאָן האָבען נישט סתם יעדער קבוץ מענטשען,—לאָמיר זאָגען, סתם יעדער מיליאָן אָדער צוויי מיליאָן איינוואוינער, וואָס האָבען זיך צוגעפּגערעט און ווילען זיך מאַכען שבת פאַר־זיך; נישט אפילו יעדעס שבט׳על אויך, וואָס ווער ווייסט, וואָס מאָרגען וועט מיט אים זיין,—צי וועט ער נישט גאָר צעפאַלען-ווערען אין נישט איינגעשלונגען-ווערען פון אַנדערע פעלקער. ניין, נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע ווערט געגעבען נאָר אַ פאָלק, אַן׳אומה, דאָס הייסט, אַזאַ קבוץ מענטשען, וואָס האָט אַן׳אייגענע געשיכטע הינטער זיך, וואָס לעבט לאַנגע, לאַנגע צייטען, ווי אַ פאָלק, מיט אַן׳-אייגענער סביבה, מיט אַן׳אייגענער שפּראַך, מיט אייגענע מנהגים, בכלל מיט אַן׳אייגענער קולטור און מיט אַן׳אייגענעם לעבענס-שטייגער; אויטאָנאָמיע גיט מען אַ פאָלק, וואָס וויל ווייטער פירען זיין קיום מיט פעלקער גלייך, און וואָס באַווייזט מיט אַלע זיינע מעשים, מיט זיין גאַנצער פירונג, אַז עס איז מסוגל, עס האָט אַן׳איננעווייניקסטען כוח צו פירען אַזאַ אייגענעם קיום. סתם אַ קבוץ מענטשען,—נישט ער קאָן האָבען אַזוינע ברייטע פּרעטענזיעס אויף אויטאָנאָמיע, נישט מ׳קאָן אים געטרויען אַזאַ זאַך: מאָרגען צעפאַלט ער זיך, פון דעם גאַנצען גע׳מלאכה׳טען בנין בלייבט נישט גאָרנישט, און מענטשען, וואָס האָבען זיך אים פאַרטרויט, בלייבען אָהן שולען, אָהן הילף. אַזוינע פרוּוען קאָן די מלוכה נישט דערלאָזען, ווארום די מלוכה איז פאַרינטערעסירט, אַז אַלע בירגער זאָלען זיכער באַקומען בילדונג, מעדיצינישע הילף וכדומה, אין דאָס זאָל געטון־ווערען, ווי ווייט מעגלעך, בעסער, באַקוועמער. נאָר אַ פאָלק מיט אַ פעסטען פאָלקסשטייגער, נאָר אַזאַ פאָלק קאָן טענה׳ן צו דער מלוכה: מיר קומט! מיר קומט, ווייל אַלץ, וואָס איך פאַרמאָג האָט מיר צו טייער

געקאָסט. דורות האָבען דערפאַר מיט זייער ווויל, מיט זייערע לעבענס באַצאָלט, און דורות וועלען ווייטער נישט רוען, ביז מיר וועלען אונדזערס נישט אויספירען, ווייל דערויף הענגט אונדזער קיום. און אַזאַ פאָלק קאָן מען אויך געטרויען געוויסע זכיות. וואָרום, ראשית, ווייסט טאַקע אַזאַ פאָלק בעסער פאַר אַנדערע זייטיקע, וואָס ער דאַרף האָבען, און וויאַזוי מ׳דערלאַנגט דאָס; שנית, איז דאָס אַן׳אייביגער בנין.—נמצא, אַז אַ פאָלק דאַרף, ווי זאָגט מען דאָס, אויסהאַלטען אַ היסטאָרישען עקזאַמען אויף פאָלק, כדי ס׳זאָל האָבען רעכט צו מאָנען און ס׳זאָל לוינען אים צו געבען נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע.

אַז יידען דאַרפען האָבען פאַר-זיך נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע, ווי יעדער אַנדער פאָלק, אַז אָהן דעם הענגט אונדזער קיום אין די לענדער, ווו מיר וווינען, דאָס איז פאַר אונדז קלאָר, אָבער, דאָס דאַרף קלאָר-זיין פאַר אַנדערע אויך,—פאַר די, וואָס דאַרפען געבען. הייסט עס: דער עקזאַמען אויף פאָלק! אַז מיר האָבען אַ געשיכטע אין אַ שיינע, אַ מיוחס׳דיקע געשיכטע—דאָס איז קלאָר. מיר זענען אַסך עלטער פאַר פיל פעלקער, וואָס זיי דאַרפען עס איצט אונדז געבען נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע. אַז מיר האָבען איצט אַן׳אייגענעם פאָלקס-שטייגער, דאָס איז אויך קלאָר. צו ווילען מיר, אָבער, דעם-דאָזיקען פאָלקסשטייגער ווייטער דערהאַלטען און אים אויפריכטען? דאָ רייסט-זיך-אַריין די שפראַך. דאָ האָט די שפראַך פון אַ פאָלק אַסך צו זאָגען. די שפראַך איז דאָ, כמעט, די וויכטיקסטע זאַך אין דעם ענין אויטאָנאָמיע. וואָרום, ראשית, איז אַן׳אייגענע שפראַך דער וויכטיקסטער סימן פון אַן׳אייגענעם לעבענסשטייגער, דער וויכטיקסטער אינעווייניקסטער באַהעפט צווישען מענטשען פון איין פאָלק, און די שטאַרקסטע מחיצה קעגען אויסען.

פאַרוואָס גראָד די שפראַך, נישט, למשל, די אמונה, וואָס

איִז, למשל, יִדען אַזוֹיפיִל בייַגעשטאַנען צוּ דערהאַלטען זייַער קיום אַלס פאָלק? איִז דער תירוץ: הייַנטיִקע צייַטען, ווען פאַר אמונה־זאַכען רוֹדפ׳ט מען שוֹין ניִשט, האָט ניִשט די אמונה די באַדייַטונג, װאָס אַמאָל. דייַטשען, למשל, זענען פּראָטעסטאַנטען איִן קאַטוֹי-לען,—דאָך זענען זיי איין פאָלק, און דייַטשיִשע קאַטוֹילען וועט ניִשט אייַנפאַלען צוּ פאָדערען פאַר-זיִך איִן דייַטשלאַנד נאַ-ציאָנאַלע אוֹיטאָנאָמיע. איִן אַ לאַנד, ווו יעדע אמונה איִז פרייַ איִן גלייַכבאַרעכטיִגט; ווו קיין ביִרגער איִז ניִשט מער חשוּב, אָדער ווייניִקער חשוּב איִבער דער אָדער יענער אמונה,—איִן אַזאַ לאַנד איִז די אמונה אַליין ניִשט קיין מניעה, אַז מענטשען פון פאַרשיִדענע אמונות זאָלען זיִך האַלטען איינס, פאַר איין פאָלק. פאַרוואָס זאָלען דייַטשיִשע קאַטוֹילען פאָדערען פאַר-זיִך נאַציאָנאַלע אוֹיטאָנאָמיע? צי דערפאַר, ווייַל זיי דאַרפען האָבען פאַר-זיִך באַזונדערע שוּלען? זיי דאַרפען עס ניִשט. ווייַל די שפּראַך איִז דיִזעלבע הן בא דייַטשען-קאַטוֹילען הן בא דייַטשען־פּראָטעסטאַנטען. מ׳לערענט איִן די שוּלען דאָסזעלבע. ניִשט מער, אפשר אוֹיף די שטונדען פון דת וועט צוּ פּראָטעסטאַנטיִשע קיִנ-דער קוּמען אַ פּאַסטאָר און צוּ קאַטוֹילישע קיִנדער—אַ קאַטוֹילי-שער גלח. צי דען וועט מען איִן אַנדערע זאַכען, למשל, איִן פאָלקסמעדיִציִן, איִן פרנסה-זאַכען, באַ׳עוֹלה׳ן אַ דייַטש דערפאַר, וואָס ער איִז אַ קאַטוֹיליִשער! ס׳קאָן זיִך אַמאָל טרעפען אייַנצעל-נע פאַלען, אָבער בדרך-כלל — ניִשט, וואָרום די שפּראַך און די געשיִכטע מאַכט פון מענטשען בכלל איין סביבה.

און ניִשט נאָר דייַטשיִשע קאַטוֹילען, אפילוּ דייַטשיִשע יִדען פאָדערען ניִשט פאַר-זיִך קיין נאַציאָנאַלע אוֹיטאָנאָמיע, וואָרום זיי האָבען עס ניִשט אוֹיף וואָס אוֹיסצוּבערענ-גען; וואָרום זייער שפּראַך איִז שוֹין דייַטש, ממילא דאַרפען זיי ניִשט קיין ספּעציעלע שוּלען. פאַר דת איִז גענוּג, אַז דער רב לערענט מיִט די קיִנדער די נייטיִקע עטלעכע שעה אַ וואָך. זיי דאַרפען אוּדאי ניִשט קיין באַזונדער געזעץ, זיי זאָלען קאָנען

רעדען אין אָפיציעלע אַנשטאַלטען אויף זייער שפּראַך, וואָרום זייער שפּראַך איז דײַטש. איבער דעם, וואָס דײַטשישע ייִדען האָבען שוין נישט קיין אייגען לשון, זייער שפּראַך איז דײַטש, איבער דעם איז דער אינגעווייניקסטער פּאָלקסשטייגער בײַ דײַטשישע ייִדען זייער אַ שוואַכער, אַנ׳אָרעמער — ער האָט אַ קנאַפּע אהיזה אין לעבען. פאַרקערט, זיי קומען זיך גיכער צונױף מיט קריסטען, האָבען מער אינטערעסען אין שייכות מיט קריסטען, איידער רוסישע, ליטווישע, אוקראַאינישע, פּוילישע ייִדען. דער דײַטשישער ייִד, וואָס האַלט זיך נאָך בײַ ייִדישקייט, דאַרף האָבען אַ סינאַגאָגע, אין בעסטען פאַל אַ בית־מדרש, ער דאַרף האָבען אַ רבנים־סעמינאַריום, ער דאַרף האָבען זײַנע אייגענע צדקה־קאַסעס. אָבער, דאָס אַלץ איז נישט פון די גרויסע זאַכען, וואָס צוליב זיי דאַרף מען האָבען אויטאָנאָמיע, און נישט דערויף גיט מען אויטאָנאָמיע אין אַזאַ מאָס, ווי מיר האָבען עס פריער גע־מאָלט. די קהלות בײַ די דײַטשישע ייִדען האָבען בערך גענוג רעכט, נאָר אפילו די רעכט קאָנען דײַטשישע ייִדען נישט בריים אויסנוצען, ווײַל זייער פאָלקסלעבען איז קיין לעבען נישט, ווײַל זיי זענען צופיל דײַטשיש. און צופיל דײַטשיש זענען זיי קודם־כל, ווײַל זיי האָבען קיין אייגענע שפּראַך נישט, ווײַל זייער שפּראַך איז דײַטש. ס׳רוב דײַטשישע ייִדען האַלטען טאַקע, אַז זיי זענען נישט קיין באַזונדער ייִדישע אומה, זיי זענען אַ טייל פון דײַטשישען פאָלק נאָר פון ייִדישער אמונה, זיי זענען דײַ־טשען פון משה־רבינו׳ס גלויבען.

שנית, ווען מלוכה גיט שוין יאָ אויטאָנאָמיע, האָט זי אין זין קודם־כל אַ געוויסע שפּראַך־גרופּע, אַ קבוץ, וואָס איז פעסט פאַרבונדען מיט זײַן שפּראַך. די שפּראַך איז פאַר אַ מלוכה דער ווייכטיקסטער סימן פון אַ פאָלק: וואָס־פאַר־אַ שפּראַך דו רעדסט, צו דעם פאָלק געהערסטו. טאַקע מהאי־טעמא האָבען פּוילישע שווינדעל־פּאָליטיקער אין גאַליציע נישט געלאָזט, אַז ייִדען זאָלען אָנגעבען זייער מוטערשפּראַך ייִדיש. וואָרום, אויב

ייִדיש איז אַ שפּראַך — הייסט עס, אַז ייִדען זענען אַ פאָלק, און דאָס לוינט נישט צום רומעל איבער כמה טעמים. איז כדי פּטור-צו-ווערען פון אַ ייִדיש פאָלק און פון תביעות, וואָס ייִדען קאָנען האָבען אַלס אַ פאָלק (למשל, תביעות אויף אייגענע ייִדישע שולען), לייקענט מען אָפּ זייער שפּראַך, — איז מען שוין דערמיט ממילא מבטל דאָס ייִדישע פאָלק. און נישט צופעליק האַלט אַזוי מלוכה פון שפּראַך, ווען ס'רעט זיך פון אַ פאָלק. וואָרום מיר האָבען שוין פריער געזען, אַז די וויכטיקסטע פאָלקסבאַדערפענישען זענען פאַרבונדען אָדער דירעקט מיט דער שפּראַך פון אַ פאָלק, ווי, למשל, שולען, פּראָפעסיאָנעלע שולען, ביבליאָטעקען, בכלל די קולטור און די גאַנצע בילדונגס-אַרבעט; אָדער מיט דעם לעבענסשטייגער פון אַ פאָלק, וואָס דער לעבענסשטייגער איז ווידער פאַרבונדען מיט דער שפּראַך, אַזוי ווי אַ גוף מיט אַ נשמה.

## אויטאָנאָמיע פאַר ייִדען און ייִדיש.

דערפון קאָנען מיר שוין זען, אַז אויב ייִדען ווילען האָבען פּרעטענזיעס אויף אויטאָנאָמיע, מוזען זיי געבען אַ תשובה אויף דער שפּראַך: צי האָבען זיי אַן אייגענע שפּראַך, און צי ווילען זיי באמת די דאָזיקע שפּראַך ווייטער דערהאַלטען; צי מאָנען זיי רעכט פאַר זייער שפּראַך, אַזוי ווי יעדער אַנדער פאָלק טוט עס פאַר זיין שפּראַך. וואָלטען מיר נישט געהאַט אויף זין קיין העברעיסטען און ציוניסטען, וואָלט דאָס גאָר אפילו קיין שאלה נישט געווען. בעת דער פאָלקסציילונג אין רוסלאַנד מיט עטלעכע צוואַנציק יאָר צוריק, אין יאָר 1897, האָבען 97 פּראָצענט ייִדען אָנגעגעבען זייער מוטערשפּראַך — ייִדיש. דאָס הייסט, אַז פון יעדע הונדערט ייִדען זענען זיבען און ניינציק דערצויגען-געוואָרען אויף ייִדיש. כמעט זעקס מיליאָן ייִדען פון רוסלאַנד צו יענער צייט רעדען אויף ייִדיש, האַנדלען און וואַנדלען, פירען-אויס אַ וועלט אויף ייִדיש.

אויף דער גאָרער וועלט זענען אַזוינע ייִדען, וואָס זייער שפּראַך איז ייִדיש, פאַראַן אַריבער 10 מיליאָן. קיינעם וואָלט אַפּילו אין קאָפּ ניִשט געקומען צו פרעגען, צי איז ייִדיש אַ שפּראַך, און צי ווילען ייִדען ווייטער דערהאַלטען זייער ייִדישע שפּראַך. פּשיטא! ווי דען? נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע פאַר ייִדען וואָלט ניִשט געהאַט קיין מניעה, ווייניקסטענס פון דער שפּראַך, דאָס הייסט, פון ייִ-דען גופא. וואָרום אַ זייטיגער מענטש קאָן אין אַזאַ זאַך, ווי אַ שפּראַך בײַ אַ פאָלק, געוויס קיין דעה ניִשט זאָגען און אַפּילו קיין עצה ניִשט געבען.

איצט, אָבער, בעת ייִדען האָבען אויף זיך ציוניסטען און העברעיסטען, וואָס לייקענען שטיין און ביין,—זיי זאָגען, אַז ייִ-דיש איז גאָר קיין ייִדישע שפּראַך ניִשט—אונדזער אמת׳ע שפּראַך איז גאָר העברעיש,—איצט פרעגט-זיך, וואָס־פאַר־אַ שפּראַך זאָלען מיר אָנווייזען דער מלוכה, אַז דאָס איז די שפּראַך פון ייִדישען פאָלק? מיר, פאָלקסמענטשען, וועלען זאָגען געוויינלעך: ייִדיש. וועלען קומען די העברעיסטען און זאָגען: לא כי, דוקא העב-רעיש. איז וואָס וועט זיין דער פועל-יוצא דערפון? דער פועל-יוצא דערפון וועט זיין, אַז מלוכה וועט ריכטיק זאָגען: אַ פ אָ ל ק, וואָס ווייסט נאָך אַליין ניִשט, וואָס איז זיין שפּראַך; אַ פאָלק, וואָס איז נאָך ניִשט אַדורכגעקומען צוויִ-שען זיך וועגען דעמדאָזיקען וויכטיקסטען חזוק פון זיין קיום—אַזאַ פאָלק פאַרדינט ניִשט קיין אוי-טאָנאָמיע! ס׳איז נאָך צו פרי פאַר אייך! פריער מאַכט אייך, איר ייִדען, אַליין קלאָר די זאַך בײַ זיך אינעווייניק, איר זאָלט האָבען פעסט איין מיינונג, און נאָכדעם וועט איר שוין קומען מיט אייערע תביעות צו דער מלוכה. פריער, הייסט דאָס, זייט אַ פאָלק, ווי אַלע פעלקער, און נאָכדעם וועט איר שוין מאָנען אייערע רעכט. דאָס הייסט, אַז ווען אַלע אומות וועלען געהאָל-פען-ווערען, וועלען מיר נאָך אַלץ שטעקען אין דרויסען, ווער ווייסט ביז וואַנען.

פאַרשטייען די העברעיסטען, וואָס-פאַר-אַן׳אומגליק זיי ברענגען אויפ׳ן יידישען פאָלק, טוען זיי אויף אַן׳אויבער-הסברה. באשר, מיר זענען גאָרנישט מחויב אָנצווייזען דער מלוכה, וואָס-פאַר-אַ שפּראַך מיר האָבען: יידיש אָדער העברעיש. בײַ זיך, אינעווייניק, וועלען מיר זיך שפּאַרען און אַמפּערען, ביז עמיצער פון די צדדים וועט נישט גובר-זיין; דער מלוכה, אָבער, וועלען מיר אַלע איינגימעם זאָגען: „אונדזער נאַציאָנאַלע שפּראַך" סתם, אָדער „די שפּראַך פון דעם יידישען פאָלק", נישט אויסגעטייטשט בפירוש, וואָס-פאַר-א שפּראַך מ׳מיינט דערמיט. זאָל אונדז מלוכה אַרויסגעבען אַ הכשר סתם אויף אַ שפּראַך בלינד, מיר וועלען שוין דערנאָך פאַר-זיך געפינען דעם פירוש.

דוכט-זיך, זייער קונציק און שכל׳דיק? איז, אָבער, די מעשה, וואָס די מלוכה און לײַטען ווייסען שוין אויך, פון וואָס דאָ האַנדעלט-זיך, און וויל נישט און וועט נישט שפּילען אין בלענדעניש. מלוכה פאַרנעמט-זיך נישט מיט קיין רעטענישען; זי וויל וויסען פעסט, פון וואָס-פאַר-אַ שפּראַך דאָ רעט-זיך. וואָרום מלוכה גיט נישט קיין הכשר אויף סתם-שפּראַכען און אויף אויסגעקלערטע שפּראַכען, וואָס אין לעבען האָבען זיי קיין אחיזה נישט. זאָלען מיר זיך פאָרשטעלען, אַז יידען זאָגען מאָרגען: אונדזער שפּראַך איז העברעיש, גיט אונדז אויטאָנאָמיע אויפ׳ן יסוד פון העברעיש. איז קרוב לאמת, אַז מלוכה וועט אונדז אָפּזאָגען. אויטאָנאָמיע איז נישט קיין שפּילעכעל און מיט אויטאָנאָמיע מאַכט מען נישט קיין פּרווען. אויטאָנאָמיע גיט מען אויף אַ שפּראַך, וואָס זי איז פאַראַן; אויף אַ שפּראַך, וואָס זי איז בײַ אַ פאָלק אין מויל הונדערטער יאָרען; וואָס אַ פאָלק טראַכט אין פילט אויף איר, רעט אין שרײַבט, פירט-אויס זײַן גאַנצע וועלט, אָבער נישט אויף אַ שפּראַך, וואָס אַ פאָלק-האַלט פאַר אַ יחוס, דאָס פאָלק לעבט, אָבער, נישט מיט דער שפּראַך. די מלוכה איז נישט מחויב נאָכצוגעבען אַן׳איינרעדעניש, אַ קאַפּריז, וואָס טרעפט-זיך נישט בײַ קיין אומה ולשון, און וועט עס

טאַקע ניִשט טהן אויך. און אַזויווי די גאַנצע וועלט ווייסט שוין פון איינדזער איינעווייניקסטער מחלוקת, און בכלל אַזאַ זאַך, ווי דער שטרייט פון יידיש אָדער העברעיש, קאָן מען ניִשט אויס-באַהאַלטען, איז דעריבער מוזען מיר זיך אַליין קלאָר-מאַכען, און דער וועלט און דער מלוכה זאָגען אָפען, וואָס איז אונדזער שפּראַך, און פאַר וואָסער שפּראַך פאָדערען מיר אויטאָנאָמיע. קיינע חכמות און יידישלעכע המצאות וועלען דאָ ניִשט העלפען. איז איינס פון די ביידע: אָדער יידיש איז אונדזער שפּראַך, דעמאָלט האָבען מיר האָפענונג אויף אויטאָנאָמיע, מיר זאָלען מיט דער צייט געהאָלפען-ווערען מיט אַלע פעלקער גלייך, אָדער די אייביגע מחלוקת, ווער שמועסט שוין גאָר, מיר זאָלען זאָגען העברעיש,—דאַן איז אויס! דאַן זענען מיר קיין היינטוועלטיק פאָלק ניִשט; דאַן זענען מיר אַ פאַרעלטערטע עדה מיט פאַרשיי-דענע כתות, וואָס לעבט ניִשט אויף איר וועלט, און בכלל—ניִשט זי לעבט מיט פעלקער גלייך, ניִשט זי שטאַרבט. אַן־אייביגער צער פאַר-זיך, אַ בזיון פאַר דער וועלט. וואָס-פאַר-אַ תביעות קאָנען מיר דעמאָלט האָבען צו דער וועלט, אַז אונדז קומט אונדזער רעכט, אַזויווי אַלע פעלקער? און ווער וועט אונדז וועלען הע-רען, אויב מיר זאָלען אַפילו טענה׳ן?

דעמאָלט קאָן נאָך אפילו געמאָלט-זיין, אַז ס׳זאָל אויפ-הייבען דעם קאָפּ בּאַ אונדז, צווישען יידישיסטען און העברעיס-טען, דער דריטער צד — די אַלטע אַסימילאַציע, און וועט טענה׳ן: איר זעט, מיר זענען סוף-כל-סוף גערעכט,— מיר האָבען אַלעמאָל געזאָגט, אַז יידען זענען קיין פאָלק ניִשט, נאָר אַן־אמונה, אַ רעליגיעזישע עדה. יידען זענען רוסען און דאַר-פען זיין רוסען אין רוסלאַנד, פּאָליאַקען אין פּוילען, אוקראַינער אין אוקראַינע וכדומה, נאָר, להבדיל, מיט אַ בית-המדרש אָנשטאָט אַ קלויסטער. יידען, וועלען זיי זאָגען, ווילען ניִשט, ניִשט קיין יידיש, ניִשט קיין העברעיש, ניִשט קיין אויטאָנאָמיע—זיי דאַרפען עס ניִשט האָבען. און צו אַזוינע רייד וועט מען זיך אַ סך גיי-

כער צוהערען, אײדער צו יידישיסטען מיט העברעיסטען צוזאַמען, וואָרום רעכט בכלל, און נאָך אַזאַ נײַע זאַך, ווי נאַציאָנאַלע רעכט, נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע, גיט נישט מלוכה אַזוי גרינג באַ דעם ערשטען בעסטען פאַרלאַנג פון עפעס אַ כתה. זי גיט עס, ווען אַ גאַנץ פאָלק פאָדערט עס מיט גרויס עקשנות און ווערט נישט מיד צו פאָדערען און צו אַרבעטען; ווען מלוכה, הייסט עס, האָט קיין ברירה נישט. אַקײגען אונדז, אָבער, קאָן נאָך מלוכה האָבען אַ ברירה: די ברירה האָבען מיר איר אַליין גע־געבען, מיט אונדזער אינעווייניקסטער מחלוקת, וואָס מיר זע־נען נישט גלײַך צו אַנדערע פעלקער, און מיר דאַרפען נאָך האָ־בען אַ ישוב באַ־זיך וועגען דער שפראַך, דאָס הייסט, וועגען דעם קערן פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, בעת באַ קיין שום פאָלק, חוץ אונדז, איז דאָס קיין שאלה נישט, וואָס איז זייער שפראַך. ס'איז זיי קלאָר, ווי דער טאָג.

בכן קומען מיר דערצו, אַז איבער אַ פאַנטאַזיע פון אַ כתה העברעיסטען, וואָס ווילען דערלאַנגען דאָס טעלערעל פון הימעל, שטייען מיר פאַר אַ סכנה אַרויסצולאָזען פון די הענט אַ זיכערע זאַך, דעם וויכטיקסטען חזוק פאַר אונדזער קיום, דאָס הייסט די רעכט פון אַ פאָלק, די נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע ביום שידובר בה. ווען ס'וועט קומען דערצו, אַז מלוכה וועט מוזען אַקײגענקומען פעלקער, וועלען אַלע פעלקער געהאָלפען-ווערען, נאָר מיר וועלען אויסזען, ווי אַנ'אבל אויף דער וועלט'ס שמחה. אויף אונדז יידען, אויף די בלוטיגסטע יידישע פאָלקס־אינטערע־סען וועלען האָבען די דעה רוסישע, פוילישע באַאַמטע; רוסישע, פוילישע שטאָטראַטען, און קיינער וועט דאָ נישט שולדיג-זײַן— נאָר מיר אַליין. וויאַזוי דידאָזיקע אינטערעסען וועלען אויסזען, וואָס־פאַר־אַ פנים זיי וועלען האָבען, איז אפשר איבעריק צו רעדען. מיר האָבען שוין אַ ידיעה אין דעם פון פריער, פון הײַנט.

אָבער חוץ דעם וועלען מיר אָנווערען אונדזער אָנזען, אונ־

דזער כבוד באַ דער וועלט אין די אויגען: אויף אַ קאַליקע אַ פאָלק קאָן מען האָבען רחמנות, אָבער קיין דרך-ארץ פאַר אַזאַ פאָלק האָט מען נישט. און מיר וועלען געפאַלען-זיין באַ אונדז גופא אין די אויגען. אומגעהייער-שווער וועט אונדז זיין צו דערהאַלטען אונדזער פאָלקס-קיום. יעדע זאַך, וואָס באַ אַנ׳אַנדער פאָלק גייט עס צו גרינג און נאַטירלעך, ווייל ס׳איז אַליין בעל-הבית באַ זיך, וועט אונדז אָנקומען כקריעת ים-סוף, ווייל באַ אונדז וועלען די הענט זיין געבונדען, מיר וועלען דאָס אַלץ דאַרפען אויספירען מיט פרעמדע הענט. מיט וואָס וועלען מיר דערהאַלטען באַ זיך אונדזער קינפטיקען דור, די יוגענט, וואָס וועט אויסוואַקסען אַ געזונטע און אַ פרייע,—נישט אַזוינע קאַליקעס, ווי מיר,—און וועט וועלען געניסען פון אַ וועלט? מיט וואָס וועלען מיר זי דערהאַלטען, די יוגענט, ווען אָנשטאָט נאַציאָנאַלער פרייהייט, אָנשטאָט אַ שטאַרק נאַציאָנאַל לעבען, ווי באַ אַלע פעלקער, וועט דער יונגער דור געפינען אַ פאַרשימעלטע מחלוקת פון יידישיסטען און העברעיסטען און מער גאָרנישט? צי פאַרטרייבען מיר נישט פון זיך בידים אונדזערע אייגענע קינדער, אונדזער האָפענונג?

## אויטאָנאָמיע פאַר יידען און אונדזערע שכנים-פעלקער.

זאָל זיך נישט אויסווייזען, אויב מיר פּועל׳ען באַ זיך, אַז מיר זענען נאָך נישט ווערט באַפרייט צו ווערען אַלס אַ פאָלק; מיר האָבען נאָך נישט פאַרדינט קיין נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע, ווייל מיר האָבען באַ זיך אין דער ווילכטיקסטער זאַך אַ ווילד מהלוקת אָנשטאָט איין פעסטען פאָלקסווילען, זאָל זיך נישט אויס-ווייזען, אַז, אמת, מיר וועלען טאַקע ליידען, אָבער, דערמיט זע-נען מיר שוין פטור; מיר וועלען האָבען אַ פנים פון חוזק באַ דער וועלט, אָבער, מ׳וועט אונדז לאָזען צורו. נ ײ ן, מ׳וועט אונדז נישט לאָזען צורו! וואָרום אויב מיר וועלען נישט

זיין אַ פאָלק מיט נע קער גליַיך, וועלען מיר אַלעמען שטיין, ווי אַ ביין אין האלדז. ווארום אויב ס'וועט נישט זיין קיין יידיש פאָלק מיט יידישער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, וועלען יידען גישט קאָנען בלייבען הענגען סתם אין דער לופ־טען, נישט אַהין, נישט אַהער; יעדער ייד וועט מוזען זיין אַ נכתב פון עפעס אַ פאָלק, און, געוויינלעך, פון אַ פרעמד פאָלק, פון אַ פרעמדער אויטאָנאָמיע, ווייל קיין יידישע אויטאָנאָמיע איז דאָך נישטאָ. מיר וועלען זיך פאָרשטעלען פאַר רוסען, פאָליאַ־קען, אוקראַינער, אַרמענער, טאָטערען, ווארום קיין סתם־בירגער וועלען נישט זיין, קיין סתם־שולען וועלען נישט זיין.

לאָמיר זיך פאָרשטעלען, אַז אַלע קולטור־פעלקער, למשל, אין רוסלאַנד אָדער אין פוילען וועלען באַקומען נאַציאָנאַלע אוי־טאָנאָמיע. הייסט עס, אַז יעדער בירגער אין רוסלאַנד וועט מו־זען זיין צוגעשריבען צו עפעס אַ פאָלק. ווארום די מלוכה וועט דאַרפען וויסען, ווער צו וואָס־פאַר־אַ פאָלק ס'געהערט, כדי זי זאָל וויסען, וויפעל יעדען פאָלק ס'קומט צושטייער פון איר קאַ־סע אויף זיינע הצטרכות'ען, און פון וועמען זי זאָל מאָנען, למשל, אַז אַזאַ און אַזאַ קינד האָט באַקומען בילדונג, לאָמיר זיך אומקערען צוריק צו אונדזער אַלטען משל מיט שולען. בעת ס'וועט מקוים־ווערען די נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע פאַר אַלע פעל־קער, וועט אין דער שטאָט מינסק, למשל, נישט זיין קיין סתם־שולען, נאָר ווייסרוסישע שולען, רוסישע שולען, אפשר נאָך או־קראַינישע שולען, אויב ס'וועלען זיך דאָרט געפינען אוקראַינישע שילער אויך אין דעסגלייכען. יעדעס פאָלק וועט מאַכען אין מינסק שולען פאַר זיינע קינדער; אַלע שולען וועלען האָבען גלייכע רעכט פון רעגירונגס־שולען און דער מינסקער שטאָט־ראַט וועט יעדען פאָלק געבען צושטייער אויסצוהאַלטען זיינע שולען, לויט דער צאָל קינדער. ווער־זשע וועט מאַכען שולען פאַר יידישע קינדער, און ווער וועט זיי אויסהאַלטען, אויב יי־דען זענען קיין פאָלק נישט און זיי האָבען נישט קיין אייגענע

נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע? נישטאָ ווער!—יידישע. קינדער זענען יתומים.

וואָס-זשע וועט זיין דער סוף? דער סוף וועט זיין, אַז אַ טייל יידען וועט זיך פאַרשרייבען פאַר ווייסרוסען, כדי זייערע קינדער זאָלען קאָנען לערנען אין ווייסרוסישע שולען, אַ טייל וועט גאָר מיטאַמאָל ווערען פּאָליאַקען, כדי זייערע קינדער זאָלען זיך לערנען אין פּוילישע שולען, אַ טייל וועט ווערען רוסען, אַנדערע וועלען ווערען אוקראַינער וכדומה אָהן אַ סוף. הייסט עס, אַז אַנ׳עדה יידען אין מינסק וועלען געהערען צו דריי, פיר פרעמדע פעלקער, וועלען דאָרט, באַ די פרעמדע פעלקער צאָלען שטייערען, זייערע קינדער וועלען רעדען אויף פאַרשידענע שפּראַכען, און יידען וועלען זיך נישט קאָנען צונויפרעדען צווישען זיך. און אַזוי׳וי די טבע פון יעדען געזונט פאָלק איז: וואָס שטאַרקער צו זיין אין צאָל און ממילא אויך אין וואָג, וועט יעדעס פאָלק האָבען טענות צו יידען: רוסען וועלען האָבען טענות צו יידען-פּאָליאַקען, הלמאי גייט איר צו די פּאָליאַקען און מיט דעם מאַכט איר פּאָליאַקען שטאַרקער און אונדז שוואַכער? ווייסרוסען האָבען דאָך געוויס פּרעטענזיעס אויף מינסק. זיי זאָגען, אַז מינסק איז אין ווייסרוסלאַנד, איז ממילא מינסק „זייער״ שטאָט, זיי זענען „בעל-הבית״ אין מינסק, און דעריבער זענען מינסקער יידען „זייערע״; מינסקער יידען טאָרען נישט זיין נישט קיין רוסען, נישט קיין פּאָליאַקען, נאָר כשר׳ע ווייס-רוסען, כדי ווייסרוסען זאָלען נישט שוואַכער ווערען, למשל, אין שטאָטראַט, און פּאָליאַקען זאָלען נישט שטאַרקער ווערען אויף דעם חשבון פון די „בעלי-בתים״, פון די ווייסרוסען. יידען וועלען זיין הפקר, אַלע וועלען זיך פאַר זיי רייסען, נאָר אויסגעריסען וועלען יידען ווערען, וואָרום יעדעס פאָלק וועט צו זיי האָבען טענות. ווייסרוסען וועלען זאָגען: איבער אייך, איבער דעם, וואָס איר גייט צו די פּאָליאַקען, באַקומט מינסק אַ פּוילישע אויסזען, מ׳הערט נאָר פּויליש; פּאָליאַקען

וועלען טענה'ן דאָס אײגענע פאַרקערט. און ס'וועט זײַן די מעשה אַזוי־ווי מיט יענע צוויי פּריצים מיט זייערע צוויי מאָשקעס: דו שלאָגסט מײַן מאָשעק, וועל איך דערפאַר אַרײַנלייגען דײַן מאָשקען! און די צוויי געשמיסענע מאָשקעס וועט בלײַבען צו טרייסטען זיך: זע, ווי דער פּריץ האָט מיך ליב, ווי־אַזוי ער נעמט־זיך־אָן פאַר מיר! נאָר דאָסמאָל וועלען געשמיסענע מאָשקעס זײַן אַלע מינסקער ייִדען און אַלע ייִדען בכלל אין יעדער מדינה. און מ'וועט זיי רודפ'ען אין דער שול, און ס'וועט דערלאַנגען צו פּרנסה אויך, אויף שריט און טריט. אפשר וועלען דעמאָלט ייִדען פאַרשטיין, וואָס־פאַר־אַ גליק ס'איז צו האָבען צוויי שפּראַכען באַ זיך: אַ יחוס־שפּראַך—העברעיש, אַ צוגאָב צו ייִדיש, און איבער דעם נישט האָבען קיין איין שטיקעל נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע, אַפילו קיין אײגענע פאָלקסשול אויך נישט!

וועט זיך אַנדערע אפשר אויסווײַזען די גאַנצע מעשה, וואָס מיר האָבען דאָ דעמאָלט פאַר אַ בייזען חלום, פאַר אַן־אויסגעקלערטס פון אַ ווילדער פאַנטאַזיע. איז, אָבער, דאָס רעכטע אומגליק, וואָס דאָס איז נישט קיין פאַנטאַזיע, נישט קיין בייזער חלום, נאָר אַ ביטערער אמת, וואָס מיר האָבען עס צוגעזען מיט אײגענע אויגען אין גאַליציע. דאָרט האָבען מיר צוגעזען אַ פאַרביטערטען שטרײַט צווישען פּאָליאַקען, וואָס האַלטען זיך פאַר „בעלי־בתים“ אויף גאַליציע, און אוקראַינער, וואָס מאָנען זייערע נאַציאָנאַלע רעכט און ווילען האָבען דיזעלבע נאַציאָנאַלע פּריווילעגיעס, וואָס פּאָליאַקען. אין דעם שטרײַט צווישען די ביידע ווערט דערשטיקט דער דריטער, דאָס פאָלק ישראל. יעדער צד וויל אויפווײַזען, דרך־אגב, אַז ער איז דער רוב אײַנוווינער. די אוקראַינער—און דאָס דאַרף מען זיי זאָגען לשבח—פאָדערען, אַז ייִדען זאָלען זאָגען, אַז זיי זענען ייִדען: וועט מען שוין ממילא זען, אַז זיי, די אוקראַינער, זענען דער רוב, דאָס הייסט, מער פאַר פּאָליאַקען? וואָס־זשע טוען פּאָליאַקען, לאָזען

זײַ נישט, אַז ייִדען זאָלען זיך באַקענען פאַר ייִדען. זיי האָבען ביז דער לעצטער צײַט געהאַט די ממשלה אין גאַליציע; די באַאַמטע זענען זיי׳ערע, און אַז עס קומט צו אַ פאָלקסציילונג, פאַרשרײַבט מען ייִדען פאַר פּאָליאַקען; ייִדישע הײַזער, ווו מ׳רעט נאָר ייִדיש, פאַרשרײַבט מען, אַז די מוטערשפּראַך איז פּויליש אָדער דײַטשיש, און מ׳לאָזט נישט אין מ׳פאַרבאָט שטרענג, אַז אַ ייִד זאָל אָנגעבען זײַן זומגאַנגשפּראַך ייִדיש.

באַ דער לעצטער פאָלקסציילונג פאַר דער מלחמה, האָבען אַ טייל ייִדען זיך דאָך אײַנגעשטעלט און געזאָגט דעם אמת, אַז זייער שפּראַך איז ייִדיש—האָט מען אַזוינע באַשטראָפט מיט טורמע און מיט קנס, ווי ס׳איז ש׳ין פריער דערמאָנט געוואָרען. וואָלט, אָבער, דער גאַנצער ייִדישער קבוץ אָנגעגעבען ייִדיש פאַר זײַן לשון, וואָלט אַזוינס נישט געקאָנט פאָרקומען,—קיין מיליאָן ייִדען זעצט מען אין טורמע נישט אַרײַן. דאָס אומגליק איז, אָבער, וואָס אַ גרויסער טייל, דערהויפּט די אויפגעקלערטע און די חסידים, האָבען געפעלשט דעם אמת און אָנגעגעבען זיך פאַר פּאָליאַקען. אַזוי הייסט די מורא, די קנעכטשאַפט באַם פּוילישען כּריץ אין רבי׳ישע הויפען! פאַרשרײַבט מען, אָבער, ייִדען פאַר פּאָליאַקען, אַזוי ווערט פּאָליאַקען מיט אַ מיליאָן מער איידער ס׳איז באמת, און פּוילישע פרעטענזיעס אין גאַליציע האָבען כּלומר׳שט אַנ׳אויסזען פון גערעכטיקייט. אָבער ייִדען האָבען דערפון געהאַט ווייניק נחת. וואָרום וואָס-פאַר-אַ נחת ייִדען האָבען פון פּאָליאַקען, דערהויפּט נאָך אין גאַליציע, ווייסען מיר אַלע. צווישען אוקראַינער האָבען זיך ייִדען געשאַפען שונאים איבער זייער געצוונגענעם פּוילישען יחוס. ס׳קומט-אויס, אַז ייִדען לאַ די, וואָס זיי נעמען זיך נישט אָן אַליין פאַר-זיך, פאַר אייגענע פאָלקס-אינטערעסען, העלפען זיי דעם שטאַרקערען פאָלק, די פּאָליאַקען, דערשטיקען דאָס שוואַכערע, אוקראַאינישע פאָלק. און וואָס וואָלט, דוכט זיך, געווען פשוט׳ער, ווען ייִדען זאָלען זאָגען דעם אמת: מיר זענען נישט קיין פּאָליאַקען, נישט קיין דײַ־

טשען, נִישט קיִין אוקראַיִנער — מיִר זענען יִדען! מיִר ווילען קיִי־נעם נִישט שטאַרקער מאַכען, נִישט שוואַכער מאַכען — מיִר זענען אַ פאָלק פאַר־זיך, מיִר ווילען, אַז מ׳זאָל אונדז מודה־זיַין, וואָס מ׳איִז מודה אַלעמען — אונדז קומט איִן גאַליִציע אונ־דזערע אייגענע נאַציאָנאַלע רעכט. און ווידער די אייגענע מעשה, ווי מיט דעם יִדען, וואָס ברעכט זיך דעם קאָפּ, וויאַזוי זאָל ער פאַרשריַיבען זיַין קינד: זאָל ער איִם פאַרשריַי־בען וויַיניקער יאָרען איִז דאָס אַ מעלה פאַר׳ן פּריזיִוו, אָבער אַ חסרון פאַר אַ שידוך; פאַרקערט, פאַרשריַיבען מער יאָרען, איִז דאָס אַ מעלה פאַר אַ שידוך, אָבער אַ חסרון פאַר דעם פּריזיִוו. און איין זאַך פאַלט איִם נִישט איַין: פאַרשריַיבען די אמת׳ע יאָרען!

איִז זעען מיִר, אַז ווען יִדען זאָלען נִישט קומען פּאָליִ־טיִש צו דער מדרגה פאָלק: דאָס הייסט, ווען יִדען זאָלען נִישט באַקומען נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע; זיי זאָלען זיַין אַ פאָלק פאַר־זיך איִן אויפהערען זיך פלאָנטערען אַנדערע פעלקער פאַר די פיס, קאָן עס קומען דערצו, אַז יִדען זאָלען אָנהייבען אויס־שטיִין אַפילו די אַלטע גוט־באַקאַנטע צרות און רדיפות אויך. לפנים, לויט דעם געזעץ, מעגען זיי האָבען אַלע בירגער־רעכט, נאָר פון שכנים־פעלקער וועלען זיי האָבען אַ סך אויסצושטיין איבער די אַלע טעמים, וואָס מיִר האָבען שוין אויבען דערמאָנט. דאָס, וואָס יִדען וועלען נִישט האָבען קיין נאַציאָנאַלע רעכט, קאָן זיך אָנרופען אויף זייער בירגער־רעכט אויך. צו דעם שוואַ־כען, צו דעם מינדערווערטיקען, לאָזט זיך אַלעמאָל אויס באַ אַלע שטריַיטיקייטען. מ׳מוז זיַין שטאַרק אַלס אַ פאָלק, כדי יעדער יחיד איִן פאָלק זאָל קאָנען געניסען זיַינע געוויינלעכע בירגער־רעכט. כדי יִדען זאָלען קאָנען, למשל, אָנקומען אָהן מניעות איִן מינסקער שטאָטראַט אַלס באַאַמטע, זיי זאָלען קאָנען אָנקו־מען אויף שטאָטישער אַרבעט וכדומה; מ׳זאָל יִדען באַהאַנדלען ווי מענטשען, ווי בירגער, דאַרף דער גאַנצער יִדישער קבוץ

זײַן אָרגאַניזירט אַלס פאָלק מיט פעלקער גלײַך. װײַסרוסען, למשל, זאָלען זיך נישט װעלען נוקס-זײַן אָן יידען, פאַרוואָס זײ ציִען צו פּאָליאַקען, אין פּאָליאַקען, פאַרוואָס זײ ציען צו װײַסרוסען. פאַר אַ קבוץ, פאַר אַ פאָלק, האָט מען דרך-ארץ, און אַ פאָלק, וואָס איז אָרגאַניזירט אין היט-אָפּ זײַן קיום, האָט אויך אַ סך װעגען און מיטלען צו באַשטײַן, אַז מ'זאָל טאַקע האָבען פאַר אים דרך-ארץ; מ'זאָל זיך מיט אים רעכענען. אַ פאָלק, אָבער, וואָס װײסט נישט אויף וואָס-פאַר-אַ װעלט ס'איז; וואָס װײסט נישט, צי האָט עס אַ שפּראַך, צי האָט עס אַן אײגען פאָלקסלעבען, און צי לוינט פאַר דעם פאָלקסלעבען זיך אײַנשטעלען; צי איז עפּעס דאָ, וואָס טײַער צו האַלטען,—אַזאַ פאָלק האָט נישט קײן חזוק אין לעבען,—אַזױװי אַ פאַס אָהן רײַפען,—און ס'קאָן נישט געני- סען מיט דער פולער מאָס אַפילו געוויינלעכע בירגער-רעכט אויך. יעדער ייד װעט עס פילען אויף זײַנע בײַנער אויף טריט-און-שריט.

אָבער, פּאָליטיש צו דערהויבען-װערען צו דער מדרגה פאָלק, באַקומען נאַציאָנאַלע רעכט, נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע מיט אַלע פעלקער גלײַך, קאָנען יידען נאָר דעמאָלט, װען זײ װעלען האָבען אויסצושטעלען דאָס, וואָס יעדעס פאָלק; װען זײ װעלען האָבען זײער שפּראַך, נישט קײן אויסגעקלערטע, נישט קײן יהוס-שפּראַך,—זײער יידיש. יידען װעלען פּאָליטיש און נאַ- ציאָנאַל געהאָלפען-װערען, װען זײ װעלען זיך גופא אין פאַר דער װעלט זאָגען: מיר האָבען גאָרנישט צו טון מיט דער כתה פּאַנטאַזיאָרען-העברעיסטען; זאָלען זײ זיך שפּילען אין שפּראַכען אין דבר'ען, וואָס זײ װילען, און װי זײ װילען,—אונדזער שפּראַך האָבען מיר שוין לאַנג און מיר װילען זײ װײַטער האָבען;— דאָס איז אונדזער יידיש!

## סוֹף דבר.

מיִר האָבען דאָ באַטראַכט יִדיִש פוּן פאַרשיִדענע זייַטען: וואָס-פאַר-אַ ווערט יִדיִש האָט פאַר דער יִדיִשער שוּל, פאַר יִדיִש בכלל, פאַר יִדיִשער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, פאַר אוּנזער בשלום-לעבען מיִט די שכנים-פעלקער. און מיִר זענען געקומען צו דעם פּוֹעל-יוֹצא, אַז יִדיִש, די יִדיִשע פאָלקסשפּראַך, דאַרף פאַרנעמען באַ אונדז אַנ׳אָרט גאָר פוּן אויבען-אָן. יִדען דאַרפען זיִך קלאָר-מאַכען און דערקלערען פאַר דער וועלט, אַז זייער שפּראַך איִז יִדיִש, באַ דערדאָזיִקער שפּראַך ווילען זיי בלייַבען און זיי פאָדערען רעספּעקט און אַלע רעכט פאַר יִדיִש, אַזוי ווי פאַר אַלע אַנדער שפּראַכען. ס׳קומט-אויס, אַז יִדיִש איִז איִצט געוואָרען כּמו דער מיִטעלפּונקט,—אויף יִדיִש שטייט דאָס גאַנצע יִדיִשע פּאָליִטיִשע און פאָלקסלעבען. באַ אַ סך מענטשען, וואָס זענען אפשר איִן האַרצען מסכּים בכלל מיִט יִדיִש, נאָר וואָס די זאַך בעצט איִז פאַר זיי ניי, און דאָס ערשטע מאָל זעען זיי דעם גרויסען פאַרנעם פוּן דער זאַך,—באַ זיי קאָן זיִך אַרייַנ׳גנב׳ענען אַ ספק: ציִ איִז דאָס טאַקע אַזוי? ציִ שטעקט דאָ עפּעס ניִשט אַ גוזמא? פאַרוואָס איִז עפּעס יִדיִש מיִטאַמאָל געוואָרען אַזאַ גרויסע זאַך?

דאָס איִז, אָבער, פּאָרט אַזוי! איין זאַך מוזען מיִר זיִך, אָבער, פריִער קלאָר-מאַכען: אָט דער געדאַנק, אַז יִדיִש איִז

„מיטאַמאָל״, פּלוצים, הייסט עס, געוואָרען אַזאַ גרויסע זאַך,—אָט דער געדאַנק איז נישט ריכטיק. מיר האָבען שוין פריער געווי־זען, און יעדער ייד ווייסט עס אויך פון דער פּראַקטיק, אַז יי־דיש האָט אַלע מאָל, שטענדיק, פאַרנומען זייער אַ גרויס אָרט אין דעם יידישען פאָלקסלעבען: אין לערנען, אין האַנדעל, אין אַרבעט, אין שטוב, אין גאַס, אין דער פאַמיליע, אין בית-מדרש, אומעטום: אין רוחניות און גשמיות, אין יעדען יידיש ווינקעלע. יידען האָבען עס נישט באַמערקט! אַזויווי אַ געזונטער מענטש פילט נישט זיינע אברים. ווען דערפילט ער אַ צאָן, אַ האַנט, אַנ׳־אויג? ערשט דעמאָלט, ווען זיי הייבען-אָן וויי-טון און מ׳דאַרף זיך ראַטעווען, דעמאָלט הייבט ער אָן צו קלערען און צו רעדען דערפון. אַזוי איז אויך די מעשה מיט יידיש. ביז יי־דען זענען געווען אויסגעטאָן פון דער וועלט, זיי האָבען געלעבט נאָר מיט תורה, מצוות און מעשים-טובים; מ׳האָט נישט געקלערט, נישט פון בילדונג, נישט פון אַרבעט, נישט פון פּאָליטיק, נישט פון צו זיין פּאָליטיש אַ פאָלק מיט פעלקער גלייך, און די וועלט גופא איז אויך געווען אַנ׳אַנדערע: מ׳האָט דאָ אויך נישט גע־קלערט אָדער נישט קלאָר אויסגעטייטשט זיך אַ סך זאַכען פון בילדונג, קולטור, פּאָליטישע און נאַציאָנאַלע רעכט. ביז דעמאָלט האָט זיך דער ייד געלעבט, אַזויווי אַ הינדעלע אין זיין איי־עלע; ער האָט אויסגעפירט אַ וועלט אויף יידיש און האָט זיך גע־פילט דערמיט געזונט אויף אַלע אברים, ממילא האָט ער נישט געקלערט וועגען יידיש, נישט גערעט דערפון, וואָס האָט אים געפעלט? ווער האָט אים אָנגערירט זיין שפּראַך?

פון יענער צייט אָן האָט זיך, אָבער, זייער אַ סך געביטען. יידען לעבען שוין נישט נאָר מיט עולם-הבא אַליין, זיי ווילען שוין געניסען פון אַ וועלט. יידען ווילען שוין בילדונג, גלייכע רעכט, אַ מענטשלעך, ווירטיק לעבען, און די ווייטזעענדיקע אין פאָלק ווילען שוין עפּעס מער: אַ געזונט, יידיש-נאַציאָנאַל לע־בען מיט אַלע פעלקער גלייך. די וועלט האָט זיך אויך געביטען.

מלחמות אין רעוואָלוציעס האָבען איבערגעקערט אַ וועלט: די דע־
מאָקראַטיע, דאָס הייסט, דער פשוט'ער מענטש, וואָס ביזאַהער
איז ער געווען בשפל המדרגה, דער איז געוואָרען אַ מענטש, האָט
זיך דערפילט פאַר אַ בירגער מיט אַלעמען גלייך, און אַרבעט צו
פאַרווערבען זיך די גרויסע דעה אין אַלע מלוכה-ענינים, אין
גאַנצען סדר-לעבען. פעלקער, וואָס זענען געווען געיאָגט און
געפלאָגט, נישט געוואַגט דעם קאָפּ אויפצוהייבען, זענען אויפגע-
ריכט געוואָרען, אָדער ס'האַלט דערביי, אַז זיי זאָלען אויסגע־
לייזט ווערען, זיי זענען אויפגעשטאַנען תחית-המתים, אַרבעטען—
שטאַרק צו פאַרפעסטיגען זיך, און ווילען נישט שענקען זייערס.
יידען לעבען שוין מער נישט אָפּגעזונדערט, זיי זענען שוין אין
דעם רעכטען מיט. זיי מוזען זיך קלאָר אָפּגעבען חשבון וועגען
אַ סך זאַכען: ווי האַלטען זיי אין מלוכה, אין פּאָליטיק בכלל;
ווי באַנעמען זיי זיך אַקעגען אַנדערע פעלקער; וואָס ווילען זיי
פאַר זיך אַליין, ווארום דאָס אַלץ איז זיי נוגע אין לעבען אַריין.
יעדער ייד, למשל, ווייסט, ווי האָט זיך יידען געלעבט פריער
בימי ניקאָלאַי און נאָכדעם, נאָך דער רעוואָלוציע. יעדער ייד
ווייסט, ווי ער האָט זיך געפילט אין פוילען פריער, ווען פוילען
איז נאָך געווען אַ טייל רוסלאַנד, און פוילישע יידען זענען גע-
ווען איינס מיט רוסלענדער יידען, אין וואָס טוט זיך איצט, אַז
אין פוילען ווערען בעלי-בתים די פּאָליאַקען, און פוילישע יידען
זאָלען דאַרפען בלייבען מיט זיי איינער אַליין אויג אויף אויג.
ווען אין אַמעריקע פעלט-אויס אַרבעט אָדער מ'מאַכט שווערער
דאָס אַריינפאָרען אַהין, פילען עס זיבען-אַכט מיליאָן יידען אין
רוסלאַנד, גאַליציע און רומעניע זייער גוט, אַזויווי ס'וואָלט גע-
ווען באַ זיי אין דערהיים. ווען מען פאַרווערט אַרויסצוגעבען יי־
דישע בלעטער, פילט דאָס שוין דער ייד. הקצור, אַ וועלט האָט
זיך געביטען, דאָס גאַנצע יידישע לעבען האָט זיך געענדערט
און ממילא האָט זיך אַ סך געביטען אין דעם פּרט פון יידיש
אויך.

געענדערט האָט זיך אַלצדינג אין יידישען לעבען. געבליבען האָבען זיך קודם-כל יידישע פרנסות. נאָר וואָס דען? פון יידישע פרנסות קלערט מען שוין אַ שטיק צייט און מ׳טוט אין דעם, אַז יידען זאָלען באַקומען אַ בעסערען מעמד. שוין הונדערט יאָר צוריק האָבען אויפגעקלערטע יידען גענומען איינלייגען אַ וועלט, אַז פון ווינט און פון שענק קאָן קיין פאָלק נישט לעבען; יידען מוזען זיך נעמען פאַר מלאכה, ערד-אַרבעט און אַנדערע נוצלעכע אַרבעט. פאַר דער צייט איז אין דעם פרט עפעס אויפגעטון געוואָרען אין מ׳טוט ווייטער. אַמאָל איז דאָס געווען אַ שטיק אפיקורסות, עפעס אַנ׳איינשטעלעניש אַזוינס צו רעדען, איצט איז דאָס שוין קיין נייעס נישט. אַלע פאַרשטייען און ווייסען, אַז אָהן דעם, אָהן נוצלעכע אַרבעט, קאָן דאָס יידישע פאָלק נישט אויפגעריכט ווערען. דאָס אייגענע אויך מיט בילדונג. בעת הונדערט יאָר צוריק, אין אפילו נאָך דרייסיק, פערציק יאָר צוריק, אין די פאַרוואָרפענע עקען, האָבען משכילים געטענה׳ס, אַז יידען דאַרפען זיך בילדען, דאַרפען לערנען שפראַכען און וויסענשאַפטען, איז דאָס געווען, ווי אַ דונער אין מיטען העלען טאָג. אַלע אונדזערע פרומע, און גלאַט גאָטס סטראַפּטשעס, האָבען מרעיש-עולמות געווען: סטייטש! וואָס וויל מען טון מיט יידען? מ׳פירט יידען צו שמד! און צו וואָס דאַרפען מיר דאָס? וואָס פעלט אונדז, אַז מיר האָבען אַזאַ אייביגע תורה?—אַזוי האָבען זיי דאַמאָלס געטענה׳ט, אין דאָס פאָלק האָט תחילת כמו זיי געגעבען געהערט. איצט איז שוין פון די אַלע טענות כמעט קיין זכר נישט געבליבען. יידען ווילען האָבען בילדונג; מ׳האָט שוין קיין מורא נישט, אַז דאָס זאָל שאַדען צו יידישקייט, אין ס׳פרעגט זיך נאָר, וויאַזוי דערלאַנגט מען דאָס.

דאָס אייגענע איך מיט „פראַוועס״,—יידען זאָלען האָבען רעכט גלייך מיט אַלעמען. בשעת ס׳זענען אויפגעקומען אַ פּאָר צענדליק יאָר צוריק די יונגעלייט-דעמאָקראַטען, וואָס האָבען זיך איינגעשטעלט זייער, אַז יידען זאָלען ווערען אויס קנעכט, יידען

זאָלען זיין גלייכע בירגער מיט אַלעמען, האָבען אונדזערע פּני דאָס גאַנצע פּעקעל רעדעלפירער איינגעלייגט אַ וועלט: זיי מאַכען אונדז אומגליקלעך, איבער זיי קומען אַלע צרות און גזרות אויף יידען! איצט פאַרשטייען שוין אַלע, אַז זיי, די יידישע דעמאָקראַטען, זענען געווען גערעכט, אַז יידען האָבען באַדאַרפט טון צוזאַמען מיט אַנדערע, אָפּצוריינגען די אַלטע צאַרישע אָרדענונג, אַז נאָר די רעוואָלוציע האָט געקאָנט באַפרייען דאָס גאַנצע לאַנד און יידען אויך בתוכם, און אַז מ׳לייגט נישט אַריין, נעמט מען נישט אַרויס.

איצט איז דאָס שוין אַלץ אַלטע, גוט-באַקאַנטע זאַכען. איצט שטייען מיר ערב אַ נייער תקופה אין דער גאָרער וועלט און אין יידישען פאָלקסלעבען אויך. איצט, ווי מיר האָבען שוין פריער דערמאָנט, שטייען פעלקער אויף תחית-המתים; פעלקער ווילען אויסגעלייזט ווערען, יעדעס פאָלק אויף זיין שטייגער. אַ פאָלק, וואָס זיצט פון לאַנג-אָן אויף אַן ערד, האָט געהאַט אַמאָל אַן אייגענע מלוכה, זאָל ווייטער אויפגעריכט ווערען; זאָל ווידער בעל-הבית אויף זיין לאַנד, ווי, למשל, פוילען, אוקראַינע; אַ פאָלק, וואָס האָט נישט קיין אייגען לאַנד, וואָס זיצט געמישט מיט אַנדערע פעלקער, זאָל ווערען בעל־הבית איבער זיינע אינעווייניקסטע ענינים: איבער זיין בילדונג, זיין שפּראַך, זיינע קהל׳שע הצטרכות. דאָס לעצטע איז שטאַרק נוגע אונדז יידען, מיר האָבען שוין פריער געפרואווט אויפצוקלערען, אַז איצט פאָדערט דער יידישער קיום,- יידען זאָלען ווערען פאָליטיש אַ פאָלק מיט אַלע פעלקער גלייך; דאָס גאַנצע פאָלק זאָל ווערען נאַציאָנאַל גלייכבאַרעכטיגט, אַזויווי יחידים זענען געוואָרען אַלס בירגער גלייכבאַרעכטיגט,—דאָס איז נוגע יעדען ייד, וואָס קלערט פון דעם כלל, און ווייל באַ נאַציאָנאַלע רעכט, באַ אויפגעריכט-ווערען אַלס אַ פאָלק האָט די שפּראַך אַזויפיל צו זאָגען, דעריבער איז איצט יידיש געוואָרען אַזאַ גרויסע זאַך, וואָס איז נוגע אין לעבען

דעם גאַנצען כלל־ישראל. איצט איז דאָס אַזוי דערפאַר, ווייל איצט איז די צייט געקומען; די זאַך איז איצט צייטיק־גע־וואָרען, אַזויווי פריער, מיט יאָרען, איז צייטיק־געוואָרען בא יי־דען די פראַגע פון בילדונג, אַרבעט, גלייכע רעכט („פראַוועס״).

איצט ערשט האָבען מיר דערפילט יידיש, אַזויווי מ׳דער־פילט אַ צאָן, וואָס טוט וויי. ווארים יידיש טוט אונדז איצט וויי. פין אינעווייניק האָבען מיר די אַלטע שונאים פון דער יידישער פאָלקסשפּראַך—די אַסימיליאַטאָרען, וואָס ווילען, אַז יי־דען זאָלען ווערען אוי־ס־יידען, און יידיש שטייט זיי אין וועג צו פאַר׳גוי׳ישען יידען. דאָ אינעווייניק האָבען מיר אויך אויף זיך גיימאָדישע גוטע פריינט, וואָס ווילען אַראָפּברענגען משיח׳ען אויף דעם נייעם ציוניסטישען שטייגער, און יידיש איז פאַר זיי צו ווייניק יידישלעך—זיי מוזען האָבען דוקא העברעיש. פון אויסען־ווייניק האָט נאָך יידיש אויך נישט דעם רעספעקט און די רעכט, וואָס אַנדערע שפּראַכען האָבען, און אַ סך זענען מיר אין דעם אַליין שולדיג, ווייל מיר האָבען נישט אַזוי געמאָנט, ווי אַנדערע פעלקער מאָנען. איצט, בעת מיר דאַרפען אין מוזען אויפגעריכט ווערען, אויסגעלייזט ווערען אַלס אַ פאָלק, און יידיש דאַרף דאָ זיין דער יסוד: מיר דאַרפען דער וועלט זאָגען, אַז מיר בויען זיך אויף יידיש,—איצט פילען מיר דעם ווייטיק, וואָס מזיקים—אייגענע און פרעמדע—פאַרשאַפען אונדזער פאָלקסשפּראַך, לאָזען איר נישט אַ קאָפּ אויפהייבען דעריבער מוזען מיר איצט קלערען וועגען יידיש, רעדען וועגען יידיש: דאָס וואָס יידען האָבען פריער נישט געטאָן, בעת יידיש איז נישט געשטאַנען פאַר אַזאַ נסיון און יידיש האָט מען נישט אָנגעריהרט. נישט קיין נייעס ווילען מיר איצט אויפטון בעצם, ווי ס׳ווילען אויפטון די העברע־יסטען, וואָס ווילען אויפשטעלען תחית־המתים די העברעישע שפּראַך. יידיש דאַרף מען נישט לעבעדיק מאַכען, נישט איינ־פלאַנצען, נישט שטאַרקער מאַכען. יידיש איז לעבעדיק, טיף־איינגעוואָרצעלט און שטאַרק אין פאָלק. נייַ איז נאָר, וואָס איצט

זאָגען מיר דאָס, וואָס ס'איז. איצט איז ניט געניג צו וויסען דאָס באַזיך און שוויַיגען; איצט איז געקומען די צייט צו זאָגען זיך אין אַ וועלט: ייִדיש איז אונדזער שפּראַך און וועט בלייבען אונדזער שפּראַך!

דאָס לעבען גייט זיך זיין וועג, אין די טבע פון אַלע-בעדיקער זאַך, פון אַ זאַך, וואָס האָט אַ חזוק אין לעבען איז צו גובר-זיין אַלע מניעות און דערלאַנגען זיין צוועק. מיר זעען עס מיט ייִדיש אויך. משכילים האָבען אָפּגערעט דאָס פאָלק פון יי-דיש; אַסימילאַטאָרען האָבען געשפּיגען אויף ייִדיש אין גע-רודפ'ט, ווי וויַיט זיי האָבען געקאָנט; ציוניסטען און העברעיס-טען פאַר'מאוס'ען איצט ייִדיש באַם פאָלק אין די אויגען, און וואָלטען גערן פּטור-געוואָרען פון דער פאָלקסשפּראַך; די אַלטע רעגירונג האָט ביד-חזקה געזוכט אויסצוהאָקען ייִדיש; ניט גע-לאָזט פאַר דעם אין ערגעץ קיין דריסת-הרגל. ייִדיש האָט פון אַלע זייטען פאַרביטערטע שונאים, און דאָך איז ייִדיש די לעצ-טע יאָרען שטאַרקער געוואָרען, ניט שוואַכער. אויף ייִדיש איז אויפגעוואַקסען אַ פיינע הייַנטוועלטיקע ליטעראַטור, וואָס אײַ-גענע און פרעמדע האָבען שוין דרך-ארץ פאַר איר. אויף ייִדיש איז אויסגעוואַקסען אַ ייִדישע פּרעסע, צייטונגען און זשורנאַלען, וואָס האָבען הונדערטער טויזענטער לייענער, אין ייִדען, און די וועלט הערען זיך צו צו זיי. אויף ייִדיש איז אויסגעוואַקסען אַ טעאַטער, וואָס ביסלעכווייַס ווערט דאָס אַ זאַך. אפילו הייַנטוועל-טיקע שולען, וואָס ייִדיש האָט לויט דעם געזעץ ניט געטאָרט דאָרט געדאַכט ווערען, אפילו שולען אויף ייִדיש זענען אויפגע-קומען, ווער שמועסט שוין אָווענט-קורסען, די לעצטע צייט אויך פאָלקס-אוניווערזיטעטען. אַ גרויסע בילדונגס-אַרבעט און קולטור ווערט אויסגעפירט אויף ייִדיש: ביכער, און צייטונגען און לעק-ציעס וכדומה. און דאָס וויכטיקסטע: ייִדיש האָט אַנ'אייגענע פאָלקס-אינטעליגענץ, און ביסלעכווייַס שטייט צו צו יי-דיש אונדזער אינטעליגענץ בכלל. געבילדעטע, געשטודירטע, וואָס

זײ האָבען פֿין יאָרען אָן געהאַט די פּריווילעגיע אויף רוסיש־פּויליש; וואָס זײ האָבען באַדאַרפֿט פּײַנט-האָבען ייִדיש, אין בעס-סען פֿאַל קרימען די נאָז פֿין ייִדיש,—זײ קומען איצט צו ייִדיש, רעדען און שרײַבען אויף ייִדיש, און נעמען זיך אָן די עולה פֿון דער פֿאָלקסשפּראַך. דאָס איז ניִשט קײן צופֿאַל און ניִשט קײן אָפּרעד: דאָס לעבען האָט אַזוי געהײסען. אונדזער פֿאָלק וואַקסט, עס ווערט שטאַרקער, געבילדעטער, און מיט אים וואַקסט זײַן שפּראַך. יעדער, וואָס וויל זײַן מיט'ן פֿאָלק, מוז אויך קומען צו זײַן שפּראַך.

ייִדישיסטען ווילען קײן נײַעס ניִשט אויפֿטון, ניִשט אָנ־וואַרפֿען עפּעס וועמען ס'ניִשט איז; זײ ווילען ניִשט אויסוואָרצ־לען דאָס, וואָס האָט באמת אַנ'אחיזה אין ייִדישען לעבען: ניִשט תנ"ך, ניִשט לשון-קודש, אַלס אַ ביכערשפּראַך. ייִדישיסטען זענען נאָך ווײַטער פֿאַר אַנדערע. אַזױװי בשעתם האָבען משכּילים גע־זען ווײַטער פֿאַר אַנדערע מיט בילדונג. ייִדישיסטען זעען, וואָס ס'דאַרף זײַן מיט ייִדיש, וואָס ס'מוז זײַן און זאָגען דאָס דעם פֿאָלק. זײ ווילען גרינגער מאַכען דעם פֿאָלק דעם וועג צו קומען צו זיך; צו ציִען פֿון זײַן שפּראַך, פֿון זײַן ייִדיש דאָס, וואָס קאָן איִם שײַנען און נוצען.



## אינהאַלטצעטעל.

זײַט





